מענדעלע מוכר ספרים

# פישקע דער קרומער

געקירצט און פאַרטייטשט פון
א. גאָלדבערג



מיט דעם ביכל הייבט אן די „יוגנט ביבליאטעק אויפן נאמען פון אברהם רעדי" ארויסצוגעבן א סעריע ווערק פון דער קלאסישער און מאדערנער יידישער ליטעראטור פאר אונדזערע יוגנטלעכע. דער קאמיטעט, וואס פירט אן מיט דער „יוגנט-ביבליאטעק" באשטייט פון א צאל יחידים, פריינט פון פארשטארבענעם אברהם רעדי, וועלכע האבן גענומען אויף זיך די אויפגאבע צו פאראייביקן זיין נאמען דורך אן ארבעט וואס איז געווען זייער נאענט צום הארצן פון דעם פארשטארבענעם.

אברהם רעדי איז אין משך פון א סך צענדליקער יארן געווען ענג פארבונדן מיט דער יידיש-וועלטלעכער שול אין אמעריקע, און דער עיקר מיט די פראגרעסיווע יידיש-וועלטלעכע שולן. זיין ביטראג צו דער שול-באוועגונג איז געווען זייער א ווערטפולער און א דויערנדיקער. ער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער וועלטלעכער שול אין לאנד, און איז אין משך פון זיין גאנץ לעבן געבליבן איינער פון אירע סאמע נאענטסטע און אקטיווסטע בויער.

מיר מיינען, אז קיין מער ווירדיקער מאנומענט פאר אברהם רעדי, ווי העלפן דערנענטערן די אמעריקאנער-יידישע יוגנט צו דעם פראגרעסיוון יידישן קולטור-שאפן, קאן נישט זיין.

## די יוגנט-ביבליאטעק
## אויפן נאמען פון אברהם רעדי

| |
|---|
| דאס ביכל דערשיינט מיט דער מיטהילף פון „אברהם רעדי קרייז" |

# מענדעלע מוכר ספרים

(1917-1836)

א.

מענדעלע מוכר ספרים (זיין אמתער נאָמען: שלום יעקב אבראַמאָוויטש) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1836, אין דעם שטעטל קאַפוליע, ווייס-רוסלאַנד. אין די יאָרן פון שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, צום סוף פון די אַכצן-פערציקער, ווערט מענדעלעס פאַמיליע שטאַרק פאַראָרעמט, זיין פאָטער שטאַרבט יונג און לאָזט איבער אַן אלמנה מיט עטלעכע קינדער, אָן אַ שפייזער. דער יונגער שלום-יעקב ווערט פאַרוואָגלט אין דער פרעמד, ווערט אַ ישיבה בחור, עסט „טעג", און שלעפט זיך אַרום אַן עלנטער אין פאַרשיידענע שטעטלעך.

אין משך פון דער צייט, וואַנדערט ער אפילו מיט אַ באַנדע בעט-לער איבער אַ גרויסער צאָל יידישע שטעט און שטעטלעך. דער יונגער שלום-יעקב ווערט אַריינגעשלעפט אין דער כאַליאַסטרע שנאָ-רער דורך איינעם אַן אברהמל דער הינקענדיקער, וועלכער דערציילט אים וואונדער פון דער רייכקייט און גליקן פון ווייטן וואָלין (אַ געגנט אין רוסלאַנד). די רייזע מיט דער באַנדע שנאָרער, דאָס אויסוואָל-גערן זיך אין אַזוי פיל הקדשים (גאַסט-הייזער פאַר אָרעמע לייט), דאָס באַקאָנען זיך מיטן פאַראַזיטישן בעטלער-לעבן — דאָס אַלץ איז שפּעטער געוואָרן ווערטפולער מאַטעריאַל אין מענדעלעס שריפטן, און דער עיקר אין „פישקע דער קרומער".

די רייזע האָט זיך געענדיקט אין קאַמענעץ. אין דער שטאָט האָט זיך שלום-יעקב באַקענט מיטן באַוואוסטן השכלה-שרייבער, אברהם בער גאָטלאָבער. גאָטלאָבער האָט אים דערנעענטערט צו דער השכלה- (האַסקאָלע, אויפקלערונג) באַוועגונג און איר ליטעראַטור. גאָטלאָבערס טאָכטער האָט מיט אים געלערנט מאַטעמאַטיק און שפּראַכן, און צו 20 יאָר איז דער יונגער אַבראַמאָוויטש געוואָרן אַ לערער אין דער קאַמענעצער יידישער רעגירונג-שול.

אין 1860 האָט מענדעלע חתונה און באַזעצט זיך אין דער שטאָט באַרדיטשעוו.

ב.

איינס פון מענדעלעס ערשטע ווערק (אין העברייאיש) איז זיין ביכל „עין משפט" (אייען מישפּעט — „מיט אַ קריטיש אויג"). אין דעם ביכל ברענגט ער אַרויס זיינע געדאַנקען וועגן ליטעראַטור. אויף איין אָרט זאָגט ער: „אַ ליטעראַטור וואָס האָט ניט קיין פאַרבינדונג מיטן פאָלק און מיט זיין נויט, אַזאַ ליטעראַטור קאָן ניט באַווירקן דאָס פאָלק . . . זי איז איבעריק אויף דער ערד."

אָט-דער געדאַנק, אַז בלויז אַ ליטעראַטור וואָס איז נאָענט צום לעבן פון פאָלק און זיינע נויטן, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פון די פאָלקס-מאַסן, און העלפט זיי פאַרשטיין און פאַרבעסערן זייער לעבן — אָט-דער געדאַנק איז געבליבן מענדעלעס צוגאַנג און מאָס אין משך

פון זיין גאַנץ שאַפן. מער ווי דאָס, אָט-דער געדאַנק האָט שטאַרק באַווירקט שלום-עליכמען און פּרצן און אַ סך אַנדערע יידישע שרייבער. ניט צופעליק איז מענדעלע געוואָרן דער „זיידע" פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט ניט נאָר געשריבן, נאָר געלערנט און געוויזן דעם וועג ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן, ניט פאַר אַ קליינער גרופּע געבילדעטע, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק.

אין 1864 האָט מענדעלע אָנגעשריבן זיין ערשט בוך אויף יידיש, „דאָס קליינע מענטשעלע". מענדעלע איז אַריבער פון העברייאיש צו יידיש, ווייל ער האָט געוואוסט אַז בלויז אויף יידיש וועלן די פאָלקס-מאַסן אים בעסער פאַרשטיין. ווייל — „וואָס קומט אַרויס דעם שרייבער פון זיין גאַנצער מי, אויב זי ברענגט ניט קיין נוצן?"

שוין אין זיין ערשט ווערק אויף יידיש, טרעט מענדעלע אַרויס ווי דער פאַרטיידיקער פון די אָרעמע יידישע פאָלקס-מאַסן. ער אַטאַקירט און דעמאַסקירט די יידישע גבירים. די „קליינע מענטשעלעך", וואָס דערגרייכן זייער מאַכט און זייער פאַרמעגן דורך שווינדל, עגאָאיזם, אכזריות, און דער עיקר — דורך ווילדער עקספּלואַטאַציע פון די אונטערדריקטע, פאַראָרעמטע מאַסן.

אָט-דער שטריך פון רעדן פאַר די יידישע פאָלקס-מאַסן, אויפדעקן די עוולות וואָס ווערן קעגן זיי באַגאַנגען, אַרויסווייזן טיפע ליבע צו די באַליידיקטע און אונטערדריקטע, און דער פאַרלאַנג זיי צו לערנען און דערהייבן — אָט-דער שטריך גייט דורך ווי אַ מאָטאָ און ווי אַ ציל אין מענדעלעס גאַנץ שאַפן.

פונקט אַזוי שטאַרק טרעט מענדעלע אַרויס קעגן די שטאָטפירער, די יידישע גבירים, אין זיין דראַמע „די טאַקסע". מענדעלע דעקט דאָ אויף די אוממענטשלעכע עקספּלואַטאַציע פון די פאָלקסמאַסן דורך די קהלשע רעדל-פירער, וועלכע נוצן אויס די „טאַקסע" (אַ שטייער אויף פלייש, ליכט און אַנדערע נייטיקע פּראָדוקטן), כדי אַליין רייך צו ווערן און כדי נאָך מער צו דריקן די אויסגעהונגערטע באַפעלקערונג.

די „טאַקסע" האָט אַזוי שטאַרק געטראָפן אין ציל, אַז די באַרדיטשעווער גבירים האָבן אָנגעהייבן צו פאַרפאָלגן מענדעלען און ער האָט געמוזט אַנטלויפן מיט זיין פאַמיליע פון באַרדיטשעוו. ער האָט זיך באַזעצט אין זשיטאָמיר.

ג.

אין די זיבעציקער יאָרן האָט מענדעלע אָנגעשריבן זיין פּאָפּולערסט און צום מערסטן געלייענט בוך — „די קליאַטשע".

אין „די קליאַטשע" טרעט מענדעלע נאָך אַמאָל אַרויס ווי דער פאַרטיידיקער פון די אָרעמע פאָלקס-מאַסן קעגן זייערע אונטערדריקער: דעם יידישן גביר פון אינעווייניק און דער צאַרישער רעגירונג פון דרויסן.

אין דעם בוך באַפרייט זיך מענדעלע פון דעם גלויבן פון די משכילים, אַז דורך בילדונג קאָן מען היילן אַלע איבלען פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן. ער ווייזט אָן זייער קלאָר אויף די עקאָנאָמישע סיבות פון פאָלקס־ליידן. „אַ טאַנץ, — זאָגט ער, — גייט ניט פאַרן עסן", און — „היגע יידן באַדאַרפן ברויט, ניט קיין ביכער".

ער טרעט אַרויס קעגן דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג פון פאָלק, און ווייזט דעם פאָלק, אַז ער האָט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פאַר זיך פולע פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג.

די ווירקונג פון בוך איז געווען אַזוי גרויס, אַז די צאַרישע רע־גירונג האָט אָפּגעשטעלט דעם זשורנאַל „וואָסכאָד" אויף זעקס חדשים, ווייל ער האָט אָנגעהויבן דרוקן אַ רוסישע איבערזעצונג פון בוך.

ד.

מענדעלע קומט אין אַ צייט, ווען די ווענט פון מיטלאַלטער, וואָס האָבן הונדערטער יאָרן געשטיקט דאָס יידישע לעבן, צעפאַלן זיך.

די יידישע פאָלקס־מאַסע באַוועגט זיך הילפלאָז, אומגליקלעך־דערשלאָגן, אָן אַ ציל און קאָן זיך ניט באַפרייען ניט פון אירע אונ־טערדריקער און ניט פון איר אייגענער אָפּגעשטאַנענקייט און די שטריק וואָס בינדן זי צום מיטלאַלטער.

קעגן אָט־דער מיטלאַלטערלעכער אָפּגעשטאַנענקייט שרייבט מענדעלע זיין שאַרפע סאַטירע „מסעות בנימין השלישי" (מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי — די רייזעס פון בנימין דעם דריטן).

אין דעם בוך קריטיקירט ער די שרעקלעך־טרויעריקע אומבאַ־האָלפנקייט און אָפּגעפרעמדקייט פון לעבן, וואָס די מאַסן ווייזן אַרויס. זיי זיינען אַזוי הילפלאָז, אַז דער איינציקער חלום, וואָס זיי האָבן איז לויפן זוכן הילף און אויסלייזונג אין פאַנטאַסטישע ניש־געשטויגענע מעשות פון די רויטע יידעלעך אויף יענער זייט סמבטיון (לויט דער פאָלק־לעגענדע האָבן די צען שבטים פון ישראל זיך באַ־זעצט אויף יענער זייט פון לעגענדאַרן טייך סמבטיון [סאַמבאַטיען].

מענדעלע שילדערט זיין העלד בנימין מיט אַ סך רחמנות און אומ־געהייערער ליבע, אָבער גלייכצייטיק מיט אומרחמנותדיקער סאַטירע און שאַרפער קריטיק.

און כאָטש מענדעלע קריטיקירט שאַרף די פאָלקס־מאַסן, פאַר־פעלט ער אָבער ניט אונטערצושטרייכן זייער קלאָר, אַז שולדיק אין זייער אָפּגעשטאַנענקייט און פאַרווילדקייט איז זייער שווערע עקאָ־נאָמישע לאַגע, זייער נויט, די ענגשאַפט אין די שטעטלעך, די אונ־טערדריקונג פון אינעווייניק און פון דרויסן.

ה.

„פישקע דער קרומער" האָט מענדעלע אָנגעשריבן ווי אַ קורצע דערציילונג זייער פרי, נאָך אין 1869. פאַרגרעסערט און באַאַרבעט די דערציילונג האָט ער ערשט אין 1888. (מענדעלע וואוינט שוין

דעמאָלט אין אָדעס, וואוהין ער האָט זיך, כדי צו פאַרבעסערן זיין עקאָנאָמישע לאַגע, אַריבערגעקליבן אין 1881. אין אָדעס איז מענדעלע שוין פאַרבליבן ביז זיין טויט, אין אַפּריל, 1917. ער איז דאָרט געווען אַ פאַרוואַלטער אין אַ תלמוד-תורה).

„פישקע דער קרומער" איז דאָס ריינדיקסטע פון מענדעלעס אַלע ווערק, דאָס טיף-מענטשלעכסטע. אַלע זעלטן-שיינע שטריכן פון מענדעלעס שאַפן ווערן דאָ קלאָרער און מער אויס-קריסטאַליזירט. ער שילדערט פישקען און די האָרבאַטע מיידל ניט נאָר מיט צאַרטער ליבע, נאָר אויך מיט זעלטענער פאַרשטענ-דעניש. די גאַנצע דערציילונג איז טיף-מענטשלעך און פאַטעטיש, און צוזאַמען מיט דער ליבע צו זיינע צוויי העלדן, ווייזט מענדעלע אַרויס, וואָס איז נאָך וויכטיקער, טיפן גלויבן אין זיי. ווען ער וואָלט ניט געהאַט אָט-דעם טיפן גלויבן, וואָלט אפשר זיין סאַטירע ניט געווען אַזוי שאַרף. אָבער מענדעלע גלויבט, אַז די פשוטע פאָלקס-מענטשן, ווי נידעריק זיי זאָלן ניט זינקען, האָבן די פייאיקייט זיך אויפצוהייבן. פישקע פירט אַ פאַטעטישן קאַמף אָפּצוהיטן אין זיך די מענטש-לעכע ווערדע. מענדעלע פאַרדאַמט ניט די מענטשן; ער קלאָגט אָן און פאַרדאַמט די נויט, די אונטערדריקונג, די מענטשן וואָס שאַפן אַזאַ גרויזאַם לעבן פאַר דער אָרעמער האָרבאַטער מיידל און פאַר דעם אומגליקלעכן פישקע.

מענדעלע נעמט ספּעציעל, ניט נאָר צוויי בעטלער, נאָר די אומ-גליקלעכסטע און באַליידיקטסטע צווישן די בעטלער, און דערצו — ביידע קאַליקעס, און מאַכט זיי פאַר זיינע העלדן. דווקא ביי זיי זוכט ער דאָס שענסטע, דאָס טראַגישסטע, די ריינסטע ליבע. ער קוקט אונטער די שמאַטעס, און דאָרט דערזעט ער דאָס מענטש-לעכע אין זיי. דורך פישקען וויל מענדעלע געבן אַ בילד פון דעם פאָלקסנויט, פון זיין טראַגיזם, און פון זיין זעלטן-שיינעם, כאָטש אָפט הילפלאָזן, קאַמף זיך צו דערהייבן און אָפּצוהיטן זיין ווערדע.

דער סך-הכל פון מענדעלעס שאַפן איז אַן אויסערגעוויינלעך רייכער: ער האָט פאַרפעסטיקט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור און זי דערהויבן צו אַ מאַסן-ליטעראַטור פאַרן פאָלק; ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן פאָלק און געוואָרן זיין וואָרט-זאָגער און פאַר-קעמ-פער; ער האָט אומרחמנותדיק געקעמפט קעגן פאַנאַטיזם, קעגן די וואָס האָבן אונטערדריקט דאָס פאָלק, און דאָרט וואו נויטיק, קעגן דעם פאָלקס אָפּגעשטאַנענקייט און פאַסיווקייט. ער האָט אַזוי-אַרום געהאָלפן די פאָלקס-מאַסן זיך באַפרייען פון מיטלאַלטער און דער-קענען זייער אייגענע ווערט אין לעבן; ער האָט גענומען די פאָלק-שפּראַך, אַרומגערייניקט, סיסטעמאַטיזירט, און געשאַפן אונדזער מאָ-דערנע ליטעראַרישע שפּראַך.

ער איז דער גרויסער אָנהייב אין אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ער פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל רייכקייט, אַז נאָך אויף לאַנגע דורות וועט ער העלפן באַלייכטן און פאַרשענערן דאָס יידישע פאָלקס-לעבן.

א. ג.

# מענדעלע באַגעגנט זיך מיט ר׳ אַלטערן

## א.

אונטערוועגנס איין מאָל, שבעה עשר בתמוז, גאַנץ פרי, זיץ איך מיר אויף מיין ביידל אין טלית און תפילין מיט דער בייטש אין דער האַנט גאַנץ יידישלעך. איך זיץ מיר אָנגעלעגט אויף מיין וועגעלע, גלעט מיר דאָס בערדל. איך פאַרטיף זיך אין די געדאַנקען וועגן אונדזערע ברידער, וועגן זייער חכמה, זייער פירונג, זייערע פיינע בריות און וועגן זייער לאַגע נעבעך. דער קאָפּ טאַלאַבענדעט זיך מיר אַהין, אַהער. עס דוכט זיך מיר עפּעס אַ שרעקלעכע מלחמה, אַ קלאַפּעריי, אַ געשלעגעריי, מען ברעכט ווענט, מען זעצט אויס טירן, שויבן. יידן, אַ טייל מיט פּעקלעך סחורה און אַלטע חפצים טוען זיך אָן אַ כוח, שרייען געוואַלד און לויפן . . . איך כאַפּ אַ שטעקן, לאָז מיך — און בוך אויף דער ערד, אויסציענדיק זיך ווי גרויס איך בין.

הפּנים, אין דאַוונען האָב איך געכאַפּט אַ דרעמל. מיין ביידל, טו איך אַ בליק, איז אַריין אין אַ קאַלוזשע, וואָס אויף דעם באַלעגאַלישן לשון הייסט עס אַ „טינטערל", אין דעם הינטערשטן רעדל איז פאַר־טשעפּעט אַן אַקס פון עפּעס אַן אַנדער ביידל. דאָס פערדל מיינס שטייט אין געהאַקטע וואונדן, פאַרדרייט אין די לייצעס און סאָפּעט ווי אַ גאַנדז.

פון יענער זייט ביידל שיטן זיך טויטע קללות, אויף יידיש, מיט אַ קייכן און הוסטן אין איינעם. אַ ייד, טראַכט איך מיר, איז אַן סכנות— און טו מיך אַ לאָז אין איין כעס אויף יענער זייט וואָגן. דאָרט אונטערן וואָגן ליגט פאַרפּלאָנטערט אין טלית און תפילין אַ ייד, צאַפּלט און אַרבעט מיט אַלע כוחות זיך אויסצודרייען. איך שריי: סטייטש! ער — סטייטש, סטייטש! איך בטל צו אים אויס אַלע חלומות, ער בטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקן איינער דעם אַנדערנס פּנים. איך פּילדער: ווי שלאָפט עס אין דאַוונען אַ ייד! ער צוריק: ווי פּאָפט עס אַ ייד! איך גיב אים אין טאַטן, ער — מיט אַ צוגאָב אין דער מאַמען אַריין! איך שמייס זיין פערד, ער, אויספּלאָנטערנדיק זיך, לויפט און שמייסט מיין פערדל. ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָס, און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן זיך איינער צו דעם אַנ־דערן הענדום־פּענדום, ווי די הענער, כדי אָנצונעמען זיך פאַר די

פאות. אַ רגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אַנ־דערן. עס האָט געמוזט אויסזען משונה ווילד, האָבן דעם זיבעטן חן: צוויי יידישע גיבורים אין טלית און תפילין שטייען אָנגעדרודלט, גרייט צו באַווייזן זייער גבורה און זיך פּאַטשן אויפן פרייען פעלד. אַזעלכעס האָט מען באמת געמעגט אויף וואונדער גיין זען. מיר שטייען, קוקן און אָט באַדאַרפן שוין פליען הייסע פעטש, פּלוצים שפּרינגען מיר אָפּ איינער פונעם אַנדערן אויף עטלעכע טריט און לאָזן ביידע, שטאַרק פאַרוואונדערט אין איין קול אַרויס:

— אוי, ר' אַלטער! . . .

אוי־אוי, ר' מענדעלע!

ב.

אַלטער יקנה"ז איז אַ יאַדערדיק יידל, מיט אַ דיק בייכל. זיין פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ גענוג אויף פּיאות, אויף אַ באָרד און וואָנצעס, אי פאַר זיך, אי אויף נאָך עטלעכע יידן צו פאַרטיילן. אין דעם ים האָר ליגט אַן אינדזל — אַ ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס רוב יאָר פאַרלייגט. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַמאָל אַ פאַרענדערונג, אונטער אַ פּאָר פּסח, אַשטייגער, בשעת עס לאָזט אומעטום און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פינף פינגער, דעמאָלט בלאָזט זי הילכנדיק ווי אַ שופר, דעמאָלט קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. אין איינעם מיט די אינדיקעס דאַרט גיט זי דעמאָלט קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלייבן פאַרגאַפט און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבאַק פון אַלע זייטן מיט ווינטשעוואַניעס יקנה"זן אַן אַ צאָל.

אַלטער יקנה"ז איז אַ טונעיאַדעווקער מוכר־ספרים, מיינער אַ באַקאַנטער פון אַלטע יאָרן. ער איז אַ מענטשל פאַר זיך, נישט שטאַרק איבערגעשפּיצט, נישט שטאַרק באַרעדעוודיק, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז אויף דער וועלט, הגם ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שלום עליכם, נעמען מיר זיך איינער דעם אַנ־דערן אויספאַרשן, דאָס הייסט ביי אונדז יידן געוויינלעך: אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן, אָדער אַ שמעק טאָן, וואָס הערט זיך.

— וואוהין פאָרט דאָס אַ ייד? — גיב איך אַלטערן אַ טאָפּ.

— וואוהין עס פאָרט אַ ייד? עט . . . — ענטפערט אַלטער צוריק מיט אַ פרעג, ווי דער שטייגער איז פון יידן, נישט צו ענטפערן גלייך. אָפּצופּטרן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אויפן וואונק, — אַ ייד פאָרט! אין דער ערד מיט דעם קאָפּ פאָרט ער . . . און ר' מענדעלע

פאַרט עס וואוהין ? — טוט ער מיך צוריק אַ טאַפּ.

— אַהין ! . . . וואוהין געוויינלעך איך פאָר אין דער צייט.

— איך שטוים מיך שוין אָן וואוהין; אַהין, קיין גלופּסק, וואוהין איך פאָר אויך אַצינד, — מאַכט אַלטער מיט אַזאַ מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום געשעפט זאָל עס אים חלילה נישט שאַטן, — נאָר פאַרוואָס ר׳ מענדעלע, איז ביי אייך היינט עפּעס מיט אַ הינטער וועגעלע און איר פאָרט נישט אַהין מיטן גלייכן וועג ?

— היינטיקס מאָל איז מיר גראָד אַזוי אויסגעקומען, ס׳איז רעכט ! שוין טאַקע אַ לאַנגע צייט בין איך אויף דעם וועג נישט געווען. און ביי אייך, ר׳ אַלטער, פאַרוואָס איז דאָס עפּעס הינטן אַרום ? — טו איך אַ שמעק — פון וואַנען קומט אַ ייד ?

— פון וואַנען אַ ייד קומט ! פון אַלדע שוואַרץ יאָר ! . . . פון דעם שיינעם יריד. נאַט אייך אַ יאַרמעלינקעס ! איינגעזונקען זאָל זי ווערן !

און דערוויל, ווי אַלטער מיינער שילט, פלוכט יאַרמעלינקעס מיט דעם יריד דאָרט, פאָרן אָן אַקעגן פויערשע פורלעך מיט אַ געשריי, פאַרוואָס דער וועג איז פאַרשטעלט. דערנאָך ווי זיי האָבן דערזען, צוקומענדיק, מיך און אַלטערן, ביידע אין טליתים מיט גרויסע תפילין אויפן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רצועות, צעשרייען זיי זיך שוין מיט געשפּעט.

איך מיט מיין אַלטערן טוען געשווינד זיך אַ נעם צו די ביידלעך מיט אימפּעט. אַ פאָר פון די פויערן, כאָטש נישט פון יידישע קינדער, נאָר דעם אמת מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזוי פיל יושר צו העלפן אונדז אין דער נויט. און אַדאַנק זייער שטופּ טאַקע איז מיין ביידל באַלד אַרויס פונעם טינטערל. ווען ניט, וואָלטן מיר זיך אָוועקגעבאַברעט גאָט וויים וויפיל, און נאָך געקענט מיאוס צערייסן אונדזערע טליתים. מיט די פויערים אין איינעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש: זיי האָבן געשטופּט אויפן רעכטן אמת טאַקע און מיר האָבן זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאַכט ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט. ווי באַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פריי, זיינען די פויערים זיך געפאָרן זייער וועג, אויסדרייענדיק די פּנימער צו אונדז, אַלץ געלאַכט, געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן ווי גלחים לעבן די פערד אין וועג. און דינען גאָט מיט דער בייטש אין דער האַנט.

# זומער אין וואַלד

## א.

מיר קריכן אַרויף אויף דיביידלעך און היידאַ ווייטער אין וועג אַריין. איך פֿאָר פּאַראויס און אַלטער הינטער מיר אויף אַביידל פֿון אַלטע צעריסענע ראַגאָזשעס, פֿיר רעדלעך, נישט קיין גלייכע, גע־קרעמפּעוועטע מיט שטריקלעך. די אויסגעקרימטע קלעצלעך וואַרפֿן זיך אין אַלע זייטן אויף די אַקסן, סקריפּען, קוואַקען און קענען קיין אָרט זיך נישט געפֿינען. דאָס ביידל אין גאַנצן איז זיך מטריח צו שלעפּן אַ הויכע, זייער אַ דאַרע שקאַפּע מיט אַ קרעציקן, אַנגעביסענעם רוקן, גרויסע אויערן אין אַ קאַלטענעוואַטער גריווע.

דער הימל איז בלוי, לויטער, אָן אַ פּיצל וואָלקן. די זון בראָט, סמאַליעט, עס ווייעט נישט קיין ווינטעלע, מען פֿילט נישט קיין ליפּ־טעלע, די תבואה אויף די פֿעלדער, די ביימער אין די וועלדער שטייען שטיל, ווי צוגעשמידט, קיין שאָקל אפֿילו זיך נישט צו טאָן. קי אויף דער פּאַשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלען צייטנ־ווייז די אויערן, קייען און מעלה־גרהן, אַנדערע גראָבן אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שאַרן מיט די קאָפּיטעס און רעווען, שרייען פֿאַר גרוים היץ. דער אָקס פֿאַררייסט דעם עק, לויפֿט גאַלאָפּ, וואַרפֿנדיק דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, שטעלט פּלוצים זיך אַנידער, אָנ־געבויגן דעם שטערן האַרט צו דער ערד, שמעקט, פּאַכעט מיט די נאָזלעכער, לאָזט אַרויס אַ ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פֿיס. לעבן אַן אַלטער, אויסגעקרימטער און האַלב־פֿאַרדאַרטער ווערבע, אי־בערגעשפּאָלטן אין דער העלפֿט אַמאָל פֿון אַ דונער, שטייען פֿערד, איינער אויפֿן אַנדערן פֿאַרלייגט די קעפּ, צו מאַכן כאָטש עפּעס אַ שאָטן, און שמייסן מיט די ווידלען, פּטור צו ווערן ווי ס'איז פֿון די בייזע פֿליגן.

אויף אַ צווייגל אין דער הויך וויגט זיך אַ סאָראָקע, אויסזעענדיק פֿון דער ווייטנס ווי אָנגעטאָן אַ ווייס טליתל, און דאַוונט, שאָקלענדיק זיך. זי בוקט זיך מיטן קעפּל, שפּרינגט אַביסל אונטער, אַ קליין קראָקעלע געבנדיק אַ פּאָר מאָל. בלייבט דערנאָך ווייטער שטיין אָן לשון, שטרעקט אויס דאָס העלדזל און קוקט, גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַריין, מיט פֿאַרשלאָפֿענע אייגעלעך.

אויף דעם גאַנצן וועג איז שאַ־שטיל, מען זאָל דאָס הערן ערגעץ אַ שאָרך, אַ פּיפּס, מען זאָל דאָס זען פליענדיק ערגעץ אַ פויגל, נאָר קאָמאָרן טראָגן ווי די רוחות זיך אין דער לופט אַרום, פליען טאַנצנדיק פאַרביי די אויערן, טוען אַ גרילץ, אַ זזשע, איינראַמענדיק עפּעס אַ סוד און באַלד טאַקע מאַרש וויטער; נאָר צווישן היי, צווישן די תבואות דאָרט, שמוצערן די גרילן, זשומען, צימבלען און גייען מיט די טאַצן . . .

ס'איז היים, ס'איז שטיל, וואונדערלעך שיין. שאַ! גאָטס באַשעפענישן רוען . . .

איך דריי אויס דעם קאָפּ און זע, מיין אַלטער ליגט אין דער לענג אויף זיין וואָגן, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט ווי אַ צוויק, צעכראַסטעט מיט דעם רויט־פּאַרוואַקסענעם האַרצן אין דרויסן, פאַרברענט, פאַרבראָטן און שוויים באַשלאָגט אים, אַז דאָס האַרץ האָט געריסן קוקנדיק אויף אים.

— ר' אַלטער, — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

— האַ־אַ? — מאַכט אַלטער, דערהערנדיק מיין געשריי, נישט רירנדיק זיך פון אָרט — וואָס איז?

— וויפיל, מיינט איר, זאָל אַצינד האַלטן אַ זייגער?

— אַ זייגער אַצינד וויפיל זאָל האַלטן? — ענטפערט אַלטער מיט אַ פאַרדומפּט קול — ווייס איך? צו די ערשטע שטערן וועלן די אויגן אויסקריכן גענוג וואַרטנדיק, נו, מילא . . . אַ, שטאַרק היים!

— אַ געשמאַקע היץ, אַ־אַ־אַ! — רוף איך מיך אָן, — איר שוויצט ר' אַלטער? איך מיין, שוין צייט צו פּאַשען די פערדלעך, אונדזערע אַדלער זענען נעבעך מיד, קוים וואָס זיי שלעפּן זיך. ניט ווייט פון דאַנען, דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן ציען אַ וואַלד העט־העט ביז צום שליאַך, זע איך אין דער זייט לינקס זייער אַ גוט אָרט צו פּיטערן.

אין עטלעכע רגע אַרום האָבן מיר אַראָפּגענומען זיך אין דער זייט פונעם וועג און צוגעקומען צו יענעם אָרט, וואו ס'איז געווען וואַלד, שיינע פעלדער, אַ געמויזעכץ און אַלע גוטע זאַכן, מיר האָבן אויסגעשפּאַנט אונדזערע לייבן, געלאָזט זיי פריי פּיטערן זיך דאָרט ביים ברעג וואַלד און אַליין האָבן מיר זיך אונטערגעלייגט אונטער אַ בוים.

ב.

אַלטער יקנה"ז האָט קוים געאָטעמט פאַר היץ, אַנגסטן האָבן אים באַשלאָגן. ער האָט געזיפצט, געקרעכצט, אַזוי אַז עס האָט מיך ביים האַרצן אָנגעכאַפּט, און כדי אים צו מינטערן אַביסל, אויך טאַקע

צו רעדן, צו פאַרברענגען אביסל די צייט, לאָז איך מיך אריין מיט אים אין אַ שמועס:

— הפנים ר׳ אַלטער, אייך איז געשמאַק היים?

— בע! — ענטפערט אַלטער גאַנץ בקיצור, עפּעס ווי אַנגע־ברוגזט רוקנדיק זיך אונטערן בוים, וואו עס איז נישט געווען אַזאַ גרויסע באַהעלטעניש פון דער זון, וואָס האָט אריינגעשיינט דורך די צווייגן.

— פע, נישט גוט פון דעם תענית, וואָס איר קרעכצט אַזוי? — מונטער איך מיין אַלטערן, פעסט ביי זיך אָפּגעמאַכט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך אַרויסבאַקומען ביי אים אַ וואָרט.

— בע! — מאַכט אַלטער, און ווייטער טאַקע אַ רוק אונטערן בוים.

איך האָב גוט אַרויסגעזען, אַז מיט מיין ר׳ אַלטערן איז עפּעס ניט גלאַט. ס׳איז דאָ אַ צרה. איך האָב געטאָן אַ גוטן קוועטש און מיין אַלטער האָט זיך צעוויגט, אָנגעהויבן צו דערציילן זיין אומגליק אויף זיין שטייגער אַזוי:

— איך בין היינט, נישט פאַר אייך געדאַכט, מיאוס אין דער קלעם. דער דרוקער מאָנט געלט. מילא, דאָס איז גאָרנישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פאַרשטייט איר, מער נישט געבן קיין סחורה!... מיין עלטערע מיידל איז שוין אין די יאָרן; אַ מיידל, פאַרשטייט איר, דאַרף חתונה האָבן. מילא, גיי־זשע דריי דעם קאָפּ, זוך אַ חתן. חתנים זענען דאָ, אָבער אַ חתן, דאָס הייסט, פאַרשטייט איר מיך אַ חתן! איז נישטאָ... מיין ווייב באַדאַרף זיך צו די צרות פאַרגלוסטן האָבן אַ יינגל. און נאָך ווען — פאַר פּסח. איר פאַרשטייט, וואָס הייסט אַ ווייב האָט אַ יינגל? אַ חתונה, אַ חתונה הייסט עס! נישמער — גאָרנישט.

— נעמט נישט פאַר אומגוט, — זאָג איך צו אַלטערן, — וואָס איך פאַל אייך אריין אין די רייד. פאַרוואָס האָט איר אויף דער עלטער גענומען אַ יונג ווייב?

— גאָט איז מיט אייך! — מאַכט אַלטער פאַרוואונדערט — איך האָב דאָך געמוזט נעמען אַ באַלעבאָסטע אין שטוב אריין. וואָס וויל דען אַ ייד מיט דעם חתונה האָבן? גאָרנישט! אַ ייד וויל נעבעך האָבן אַ גוטע באַלעבאָסטע.

— למאי־זשע, ר׳ אַלטער — טו איך אַ פרעג — האָט איר געגנט אייער ערשטע ווייב און איר פאַרוויסט דאָס לעבן? זי איז דאָך געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע!

— בע! — מאכט אלטער, פארקנייטשנדיק זיך מיט א פינצטער פנים.

— קיין עקרה, איז אייער ערשטע ווייב אויך נישט געווען, — לאז איך אלטערן מיינעם נישט אפ, — וואוהין זיינען אהינגעקומען די קינדער נעבעך? הא, וואס?

בע! . . . בעקעט אלטער אן לשון, א קראץ געבנדיק זיך אין דער פאה, א מאך מיט דער האנט און א זיפץ טיף פונעם הארצן.

„בע" איז ביי אונדז יידן א טייער ווארט, וואס האט זייער פיל טייטשן. „בע" קען מען געברויכן אלע צייטן אין א שמועס און עס זאל תמיד פאסן. א ייד קען מיט „בע" זיך תמיד אויסדרייען, ווען ער איז נעבעך אין דער קלעם און שטייט שמאל. „בע" שטייט א יידן ביי אין דער נויט, ווען עס באוויזט זיך, אז ער איז נעבעך א לינגער. מיט „בע" קען מען אפענטפערן יענעם, וואס דולט א קאפ צוויי שעה, נישט צו הערן, נישט צו פארשטיין אפילו איין ווארט פונעם גאנצן שמועס. דאס יידישע קעפל שטויסט זיך תמיד אן, וואוהין דאס ווערט „בע" צילט און פארשטייט דעם רעכטן זין דער-פון, ווי עס פאסט צום ענין.

אלטערס לעצטער „בע" איז געווען א ביטערער מיט גרינע ווערעם. אין אים איז געלעגן עפעס ווי חרטה, א באנג-טאן, א בא-שולדיקונג זיך אליין. עס האט אים זיכער געמוזט ליגן אויפן הארצן ווי א שטיין זיין מיאוסע באנעמונג אקעגן דעם ערשטן ווייב און די קינדער פון איר. ער האט געמוזט אין איטלעכם אומגליק, וואס אים טרעפט, זען א שטראף פון גאט פאר זיינע זינד. דאס האט ארויס-געוויזן זיין ביטערער זיפץ און דאס מאך-געבן מיט דער האנט, אויך דער קראץ אין פאה דערביי, האט אזוי פיל געהייסן: „פארביים די ליפן און שטום . . . אין דער ערד מיטן קאפ!"

איך האב מיך אין הארצן שטארק באשולדיקט, למאי האב איך אויפגערירט אלטערס אלטע וואונדן. דאס איז טאקע די מעשה מיט א יידן, ארייננצומישן זיך אין יענעמס היימישע זאכן און ארייננצו-קריכן מיט שאלות יענעם אין דער נשמה אריין, בשעת זי טוט ווי און ווערגט זיך נעבעך מיט די צרות שטילערהייט פאר זיך אליין.

איך וויל מיין אלטערן איבערבעטן, אים פארגיטיקן פארן בלוט וואס כ'האב אים אומנישט פארצאפט. איך רוף זיך אן:

— איך האב מיך דערמאנט אין זייער א שיינער מעשה אמאל אין באד, וואס ליגט מיר עד היום אין טעם און קען עס נישט פאר-געסן. מען מעג עס הערן. א, איר שוויצט ר' אלטער! רוקט זיך,

זייט מוחל, א קאַפּעלע אהין, וועל איך מיר ליגן אַט אַזוי מיט דעם רוקן צו דער זון און דערציילן.

אַלטער ווישט מיטן עק אַרבל פונעם העמד אַפּ דעם שווייס פון זיין פּנים, נעמט פון דער בוזעם-קעשענע אַרויס זיין פאַרצעלייען פּיפּקעלע מיט עפּעס א יפה-פיה אויסגעמאָלט דערויף; פאַררייכערט דאָס פּיפּקעלע, טוט דערביי א קליין קוקעלע אויף דער יפה-פיה און ציט זיך אויס, ווי גרויס ער איז, אונטער דעם בוים.

איך הוסט מיך אויס, טו מיך א רוק און הייב אָן מיין מעשה אַזוי:

# ווער איז פישקע און ווי אַזוי מען מאַכט אים חתונה

## א.

אין דער גלופּסקער געמויערטער באַד׳ האַלט זיך זינט אַ לאַנגער צייט אויף אַ בחור — פישקע דער קרומער. ווער פישקע איז, פון וואַנען ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קיינעם איינגעפאַלן צו וויסן, גאָרנישט! עס דרייט זיך אַרום אַ באַשעפעניש, אַ פישקע, ווי אַלע אַנדערע פאַרוואָרלאָזטע נפשות זיין גלייכן, ביי אונדז יידישע קינדער.

קיין שטאַרק גרויסן פאַרשווין קען מען פישקען נישט אָנרופן. ער האָט אַ גרויסן פלאַטשיקן קאָפּ, אַ ברייט גרויס מויל מיט געלע, קרומע ציין, רעדט שטשיפּילאָווע, קען נישט קיין „ריש" שאַרף אַרויס-זאָגן און הינקט שטאַרק אויף אַ פוס. פישקע איז שוין געווען אין די יאָרן, פון זיינעטוועגן האָט ער שוין געקענט לאַנג חתונה האָבן און באַגליקן גלופּסק מיט עטלעכע קינדערלעך; נאָר אויף זיין פינצטער מזל, האָט מען אין אים זיך פאַרגעסן.

מען האָט אין אים זיך פאַרגעסן אפילו בשעת דעם רעקרוטן-נעמען פאַר כאָליערע-חתנים. דאָס הייסט, בשעת גלופּסקער קהל האָט געכאַפּט אין דער בהלה וויסטע קאַליקעס, שלעפּערס און זיי חתונה געמאַכט אויף דעם הייליקן אָרט צווישן די קברים, מיט אַבי-אָט מיידלעך, כדי דורך דעם זאָל די שלאַפקייט אויפהערן. אָנשטאָט אים האָט קהל דאָס ערשטע מאָל מכבד געווען מיט חתונה דעם באַרימטן קאַליקע יאָנטלען, וואָס רוקט זיך אויף זיין געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעך אין די הענט. מען האָט אים געפּאָרט מיט דער אָרעמער יידענע, וואָס האָט גרויסע ציין, ווי לאָפּעטעס, אָן אַן אונ-טערשטער ליפּ. די כאָליערע האָט זיך פאַר זיי שטאַרק דערשראָקן, און נאָכדעם, אַז זי האָט פאַר שרעק אויסגעהרגעט אין גלופּסק אַ סך מענטשן, האָט זי געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און איז אַנטלאָפן . . .

הכלל, פישקען האָט קהל פאַרגעסן. אויף גלופּסק איז געקומען ווייטער אַ כאָליערע און פישקען האָט עס פאָרט נישט געהאָלפן. ער איז געבליבן אַ בחור ווי פריער. ס׳איז אַוודאי נעבעך אַ גרויס רחמנות, אַ צער בעלי-חיים, נאָר מסתמא איז זיין מזל שוין געווען אַזוינס.

פישקעס גאַנג איז געווען געוויינלעך באַרוועס, אָן אַ קאַפּאָטע, נאָר אין אַ גראָב געלאַטעט העמד מיט אַ לאַנגע פּאַרשמאַלצעוועטן אַרבע-כּנפות און הויזן פון גראָבן לייוונט מיט אַ סך פאַלדן. זיין אַרבעט איז געווען צו גיין רופן אויף דער גאַס: „באַלעבאַטים, אין באָד אַריין!" פריייטיק און „ווייבעלעך, אין באָד אַריין!" מיטוואָך. אין באָד פלעגט ער היטן דאָס אָנטאָן, אונטערטראָגן אַ שעפעלע וואַסער און דערלאַנגען אַ קויל פייער, וואַרפנדיק זי פון איין האַנט אין דער אַנדערער, צו פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס, און כאַפּן דערפאַר מיט אַמאָל אַ האַרטן צווייער, אָדער אַ דרייער.

איך האָב פישקען זייער גוט געקענט, פלעג ליב האָבן אַריינצו-לאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס און אָנקוועלן אַמאָל פון זיינע ווערטער. ער איז גאָרנישט געווען אַזאַ שוטה, ווי ער האָט אויסגעזען. וואָרום ווען איך בין נאָר אין גלופּסק, איז ביי מיר די ערשטע זאַך זיך אַראָפּ-צוכאַפּן אין דער געמויערטער באָד, אויסצופּאַרען די זאַכן, די זאַקן און צו פּאַרען די ביינער אויף דער אויבערשטער באַנק. זאָגט אייך וואָס איר ווילט, דאָס איז דער בעסטער תענוג ביי מיר.

ב.

אַז איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין גלופּסק און פון דער ווייטנס אויף דער גאַס דערזען פישקען, בין איך פּשוט אויס דער הויט געשפּרונגען פאַר גרויס וואונדער. פישקע מיינער, זע איך, גייט מיט די קרומע פיס, אָנגעטאָן אין אַ שפּאָגל-נייער קאַ-פּאָטע מיט נייע שיך און זאָקן. אויפן קאָפּ אַ גרויס, ניי היטל. וואָס קען עס באַדייטן? טראַכט איך ביי מיר, זאָל זיין אפשר, קהל האָט אים אויסגעקליבן פאַרט פאַר אַ כאָליערע-חתן? נאָר אויף גלופּסק אָבער איז אין יענעם יאָר קיין כאָליערע נישט געקומען . . . נו, האָב איך מיר פאַרגענומען, מאָרגן גיי איך באַצייטנס אין באָד, וועל דאָרטן פאַרברענגען גוטע עטלעכע שעה און שוין אָנשמעקן דאָרט אַלצדינג . . .

אויף מאָרגן בין איך געקומען אין באָד באַצייטנס, אַ סך פריער איידער דער עולם איז זיך ביסלעכווייז צונויפגעקומען. בערל דער שמייסער איז געזעסן אויף אַ באַנק און געבונדן בעזעמלעך, איבער-קוקנדיק די בלעטלעך מיט אַזאַ ערנסט פּנים, ווי אַ יידענע קלייבט אַרבעס. נישט ווייט פון אים שטייט לעבן אויוון איציק דער היטער, אַ ייד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעם ברויט אַ יאָר דרייסיק, טוט נישט מער ווי קוקן מיט צונויפגעלייגטע הענט אויף די פּעקלעך זאַכן, צוואָוינטשעווען איטלעכן ביים אַרויסגיין פון מרחץ „צו רפואה!" און ציט דערפון זיין פּרנסה.

בערל און איציק האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסן „ברוך־הבא״. שוין טאַקע אַ היפּשע צייט, אַז מיר האָבן זיך נישט געזען און איך בין געווען ביי זיי זייער אַן אַנגעלייגטער גאַסט. מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פיל זאַכן און כ׳בין אין דער מיט שמועס אַרויפגעקומען אויף פּישקען. וואו, פרעג איך, איז אונדזער פּישקע?

— פּישקע! — מאַכט בערל, אַ טרייסל געבנדיק דאָס בעזעמל,
— הע־הע! פּישקע איז אַ מענטש, אַ באַלעבעסל, איבערגליקלעך!

— פּישקע! — זאָגט איציק, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — פּישקע איז היינט אַ פּריץ! נו, פּישקע! ער האָט זיך קיין מאָל אַזוי גוט נישט געוואונטשן.

אָט וואָס בערל דער שמייסער האָט מיר לסוף דערציילט:

— אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט איין מאָל, איינגעהייצט אין אַלע אויוונס און זיך שטאַרק אָנגעמאַרדעוועט ביי דער אַרבעט, לייג איך מיך מיט דער חברה אין באָד אויף די בענק, אַביסל דעם אָטעם צו כאַפּן. חוץ אונדז זענען דאָרט געלעגן אויסגעצויגן נאָך עטלעכע יידן, וואָס האַלטן זיך דאָ אויף. ווי מיר ליגן זיך דאָ אַזוי רואיק, רייכערן און שמועסן זיך אַזוי גאַנץ פריילעך, מיט אַמאָל הערן מיר, ווי מען פאַרט עפּעס צו, גלייך צו דער באָד. נו, צוגעפאָרן — צוגעפאָרן, וואָס מאַכט עס אויס? איידער מיר קוקן זיך אַרום, קומען אַריין דריי אייזערנע, געזונטע פּאַרשוינען, אַלע אין איין קול: „גוטן אָוונט, יידן! וואו איז פּישקע? גיט אַהער פּישקען!..." דאָ האָב איך מיך שוין טאַקע אַביסל דערשראָקן: וואָס הייסט עס פּאָר אַ לשון, עפּעס נאָר אין איין אָטעם: „גיט אַהער פּישקען״.

— פּישקען באַדאַרפט איר? — רוף איך מיך אָן — ער איז אַצינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פעטערס, צו וואָס טויג אייך פּישקע? איך וויל עס וויסן.

— די יידן קוקן זיך איבער אַ ווײַלע צווישן זיך, דערנאָך טרעט איינער פון זיי אַרויס און מאַכט צו מיר: „מיר וועלן אייך זאָגן, פאַר־וואָס נישט? מען האָט חלילה דערמיט זיך נישט צו שעמען, דאָס איז אַ יידישע זאַך. די מעשה דערפון איז אַזוי:

— די בלינדע יתומה קענט איר דאָך, די בלינדע יתומה, וואָס זיצט שוין פון גאַנץ לאַנג לעבן דער טויטער שול, ביים אַלטן בית־עולם, און בעט נדבות. די דאָזיקע בלינדע יתומה איז היינטיקס יאָר געבליבן אַן אַלמנה. זי האָט זיך געאיילט גיך צו פאַרקנסן מיט עפּעס אַ טרעגער, צוגעזאָגט אים אויסצוקליידן באַלעבאַטיש און געבן אים זיין באַדערפעניש, דערצו נאָך אַביסל געלט. היינט האָט געזאָלט זיין די חופּה. מען האָט אָנגעגרייט זייער אַ גוטע וועטשערע:

בראָנפען, בולקעס, פיש און געבראָטנס, אַ גילדענע יויך מיט עופות — ווי דער שטייגער איז ביי יידישע קינדער. דאָס אַלצדינג קאָסט געלט. אַז מען איז אין גאַנצן פאַרטיק געוואָרן, די כלה אויסגעפוצט, אויסגעשלייערט, שיינט, לייכט, ווי אַ יידישע טאָכטער, איז מען געגאַנגען צו דעם חתן נעמען אים צו דער חופה. דער תכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישטאָ אין דער היים! מען וואַרט אַ שעה, נישטאָ, מען וואַרט נאָך אַ שעה, ער קומט נישט, ער איז ווי אויסגע־טריקנט געוואָרן. וואָס לאָזט זיך צום סוף אויס? דער בחור, ברענען זאָל ער, האָט חרטה! זיין באָבע, וואָס איז אַזוי פיל יאָרן שוין אַ קעכן ביי אונדזער גביר, וויינט, ליאַרעמט, פילדערט, שרייט אויף דעם שידוך. ס'פאַסט איר ניט. זי דינט פאַרט אַזאַ צייט ביים הינן גביר, איז אויסגעקאָכט מיט אַ סך באַלעבאָטים אין דער שטאָט, פאַר־וואָס־זשע זאָל היינט דאָס אייניקל איר אויף דער עלטער דאָס פנים פאַרשוואַרצן און צעשטערן איר דעם גאַנצן יחוס? ניין, כאָטש האַקט אים און בראָקט אים. עס העלפט נישט. ער וויל נישט דעם שידוך, וויל נישט די כלה. רופט מיך, זאָגט ער, קנאַק־ניסל. — מיר אַלע זענען געבליבן ווי אָפּגעשמיסענע. עס טוט אָבער קיינעם נישט אַזוי באַנג דער חתן ווי די וועטשערע. וואָס טוט מען מיט דער וועטשערע, מיט אַזעלכע פיש און געבראָטנס? מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעמאָרדעוועט, אַרומגעלאָפן, געטאָן, געאַרבעט, אונדז קומט נאָך אויך פונעם שדכנות. אַזוי פיל מי, אונדזער מי, אונדזער אַרבעט! מיר האָבן געטראַכט, געטראַכט, געקלערט, געקלערט און אונדז איז איינגעפאַלן פישקע! לאָז ער אַרויספירן איטלעכן פון דער נויט. לאָז פישקע זיין דער חתן. וואָס מאַכט עס אים? וואָס קען עס אים אַרן? מיר זענען דאָס אַצינד געקומען נעמען אים באַלד טאַקע צו דער חופה אָנשטאָט דעם טרעגער.

— אין דעם, ווי די יידן טענהן דאָ אַזוי, קומט אָן פישקע. מיר האָבן אים געטאָן אַ נעם, געכאַפּט די כשרע מציאה, נישט צו מאַכן מיט אים קיין לאַנגע שהיות: גיי, בחור מיט די קראַנקע פיס, גענוג זיך געפּאַשעט, גיי, בחור, אונטער דער חופה! — מען האָט אַלצדינג אָפּגעמאַכט גאַנץ געשווינד, נאָך איידער פישקע האָט צייט געהאַט אפילו זיך אַרומצוקוקן. חברה האָט געהאַט אַ גוטע וועטשערע, גע־געסן, געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטייט און צוגעווינטשעוועט דעם נייעם פּאָר־פאָלק.

פישקע גייט עס היינט אין דער נייער קאַפּאָטע, וואָס אין איר האָט געזאָלט גיין דער טרעגער און איז גאָר דער וואוילער יונג. זיין אַרבעט איז היינט אַרויסצופירן אַלע פרימאָרגן זיין ווייב, די בלינדע

יתומה, אויף איר ערט לעבן אלטן בית-עולם און פארנאכט אוועקצו־פירן זי פון דארט צוריק אהיים. מיט עסן און טרינקען האט פישקע נישט וואס צו זארגן. זיין ווייב איז א בריה, האט א שטענדיקע גוטע פרנסה אין די הענט. דאס פארל האט זיך ליב, איינער דעם אנדערן האט נישט חלילה אויסצוזעצן קיין חסרונות.

אט דאס, ר׳ אלטער, האט מיר דערציילט בערל דער שמייסער. זעט איר שוין, רוף איך מיך אן, וואס אויף דער וועלט קען זיך טרעפן. ווי אזוי מען פארט ביי אונדז יידעלעך הינקענדיקע מיט בלינדע, ווי אזוי מען שטעלט חופות, מאכט זיווגים, צוליב וואס? די טוערס זאלן זיך זאט אנעסן, אנעסן! אזוי איז ביים געמיינעם עולם, ביי די ארעמע און אזוי אויך ביי די נגידים. דארט ווערט אויך זייער אפט געשלאסן אזעלכע מיני שידוכים, וואס נישט געשטויגן. עס פאר־שטייט זיך, צוליב אן אנדער מין וועטשערע, מיט אן אנדער חן . . .

— רוקט זיך נאר, ר׳ אלטער, ווייטער אביסל. א, איר שוויצט, קיין עין-הרע, ווי א ביבער. שוויצט, שוויצט געזונטערהייט.

ג.

דערווייל איז געווארן מנחה-צייט. א געשמאק ווינטעלע הייבט אן צו בלאזן און אויפן הימל ווייזן זיך שטיקלעך וואלקן, אויף וועלכע מען האט, ווי אויף טייערע געסט, שוין א לאנגע צייט ארויסגעקוקט. די ביימער הייבן פאמעלעך אן זיך צו שאקלען און פירן צווישן זיך א שמועס אויף זייער לשון, נאך דעם אז זיי האבן אזוי לאנג געשוויגן שטיל. דאס ווינטעלע האט אויפגעוועקט די שלאפנדיקע תבואה, אלע זאנגען כאפן זיך ווי יונגע קינדער אויף מיט א קול, צעקושן זיך גאר פריינטלעך. גאטס באשעפעניש רירט זיך אומעטום: אויפן פעלד, אין וואלד און אין דער לופט.

די גאנצע וועלט איז עפעס ווי לעבעדיק געווארן און באקומען א פרייליכע פנים. א פרייד, א פארגעניגן צו לעבן, צו זען, צו שמעקן די זיסע ריחות פון אלע זייטן.

— ר׳ אלטער, ס׳איז גוט! ר׳ אלטער, ס׳איז שיין! עס ציט עפעס ביי דער נשמה, עס רעדט עפעס צום הארצן: גאטס וועלטל איז שיין, גאטס וועלטל לעבט! עס ציט און גלוסט זיך אריינוווארפן זיך עפעס אהין מיט הענט און מיט פיס . . .

— ר׳ מענדעלע, בע . . . ר׳ מענדעלע, עט . . . פע! — טוט אלטער אויף מיר זיך א קרום — שוין צייט בעסער מנחה דאווענען.

איך פארבינד די זאקן, גארטל ארום מיט א פאסעק די קאפאטע און הייב אן גאנץ לוסטיק. מיין אלטער, זאל לעבן, צעלאזט זיך באלד

טאקע נאך מיר אויף דער גראבער סטרונע, אויף דער געמבע.

נאך ביים אנהייב דאוועגען האט אלטער ארויסדערטאפט פון וואגן א קליין פעסעלע שמירעכץ. מיט דעם דאוועגען איז ער פארטיק געווארן גיך, און בשעת איך האב נאך געהאלטן אין דער מיט, האט ער שוין געשמירט די רעדער.

— ר' מענדעלע, מאכט עס בקיצור, — טרייבט מיך אלטער אונ־טער, — נעמט זיך איר דא צו אייער וואגן און איך וועל דערווייל א גיי טאן נאך די פערדלעך. צייט צו פארן. ביז נאכט קאנען מיר גאנץ ווייטלעך אריינפארן.

# ר׳ אַלטער ווערט פֿאַרפֿאַלן

## א.

אַלטער גייט באַלד טאַקע אַוועק און איך נעם מיך צו דעם וואָגן. איך אייל זיך נישט, שמיר די רעדער באַלעבאַטיש, איך קאַרג נישט קיין שמירעכץ, באַטראַכט מיר די אַקסן, איטלעכס פּיצעלע באַזונדער. דאָס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט — און מיין אַלטער קומט נישט. די פֿערדלעך האָבן געמוזט פֿאַרגיין ווייטלעך אַביסל אין וואַלד און זיך גוט אונטערגעפּאַשעט. אַזוי דענק איך מיר און טו אַ קוק אויף דער זון, וואָס האַלט נאָענט ביים אונטערגיין. איך שטיי מיר אַזוי אַוועק ווייטער אַ היפּשע צייט. די זון האָט זיך שוין געזעצט. אירע לעצטע שטראַלן קריכן ביסלעכווייז אַראָפּ פֿון די בוימער, אויף וועלכע זיי האָבן ערשט אַזוי פֿריילעך־לייכטנדיק זיך געשפּילט, זאָגן דעם וואַלד: אַ גוטע נאַכט!

עס באַפֿאַלט מיך עפּעס אַ מורא. אפשר איז אַלטערן נישט גוט געוואָרן? נאָך אַזוי פֿיל שוויים, נאָך אַזאַ לאַנגן טאָג פֿאַסטן! אפשר איז ער דאָרט ערגעץ חלשות געבליבן, אָדער אפשר איז אים דאָרט עמעצער באַפֿאַלן? ס׳איז דאָך אַ וואַלד, אין דער זייט וועג, מען טאָר אַזוי די זאַך נישט לאָזן, מען מוז גיין זען.

איך מאַך מיר האַרץ און גיי אין וואַלד אַריין. איך גיי און זוך, אומזיסט אָבער די מי, אַלטער און די פֿערד זענען אַזוי ווי אין וואַסער אַריינגעפֿאַלן. איך בין שוין פֿאַרגאַנגען טיפֿלעך און קום צו עפּעס אַ לאַנגן, שמאָלן טאָל, וואָס האַקט פֿאַר מיר איבער דעם וואַלד אין צוויי טייל. דער טאָל איז באַוואַקסן מיטביימלעך שטעכיקע ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זייט צום שליאַך, מיט דער אַנדערער ערגעץ אַנדערש, העט־ווייט צו אַלדע שוואַרצע יאַר. דער וואַלד שטייט און שלאָפֿט, איבערגעדעקט פֿון אויבן עפּעס מיט אַ טונקעלען פֿאָרהאַנג. אַרום און אַרום איז שטיל. נאָר צייטנווייז הערט מען, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימלעך, נאָענטע שכנים, שושקען זיך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צווישן זיך, איינער דעם אַנדערן אַ קיצל געבנדיק הינטערווייַלעכץ מיט די צווייגן; אָדער אַ פּאָר בלעטלעך ערגעץ פֿלאַטערן, באַרירן זיך, גלייך ווי עס גרימט זיי עפּעס און לאָזט זיי נישט רוען. דאָס רעדט דער וואַלד פֿון שלאָף.

און ווי איך האלט שוין אויף אראפצוגיין אין דעם טאל, שטעלט מיך פלוצים אפ א געדאנק אזוי: די ביידלעך שטייען דארט אויפן פעלד הפקר, פונעם גאנצן ביסל פארמעגן אונדזערס קען חלילה נישט בלייבן קיין זכר. עס וואלט נישט געשאט פריער א קוק צו טאן. נאר זייער מעגלעך אפשר, אז אלטער האט שוין לאנג זיך צוריקגעקערט מיט די פערד און באאומרואיקט זיך אצינד וועגן מיר. דער דאזיקער געדאנק לייגט זיך מיר אויפן מוח און איך ווער ביי מיר עפעס שטאר־קער. די האפענונג ווערט אלץ גרעסער, ביז זי צערייסט די געדיכטע וואלקנס מרה־שחורה און עס לייטערט מיר זיך אביסל אויס אויפן הארצן.

איך לאז מיך גיין געשווינד צוריק.

גאט האט געהאלפן, איך בין געקומען בשלום און נישט אויס־געבראכן קיין פוס ביי איטלעכס מאל פאלן אויפן וועג, אין איילעניש אנשלאגנדיק זיך אין א בוים.

אלטער איז נישטא!

איך בלייב שטיין ווי אפגעבריט. זייער נישט גוט אויפן הארצן! גאט ווייסט, וואס מיט אלטערן איז געשען, וואו זיין געביין איז אהינ־געקומען. דאס האט דאס פינצטערע מזל זיינס זיך טאקע געמיט. אזוי גלאט איז די זאך זיכער נישט.

אוי, א מיאוסע לאגע. נישט פריילעך ארום און ארום, ביטער אויפן הארצן . . .

אפהענטיק פונדעסטוועגן טאר מען נישט זיין. מען מוז עפעס טאן, נישט זיצן מיט פארלייגטע הענט. מען מוז ווייטער טאקע גיין זוכן. איך טו א קוק אויף די שטערן און דערמאן מיך, שוין צייט אנ־צובייסן. איך נעם מיך צום רענצעלע, שמועס איבער פאר צרות מיט דעם פלעשל בראנפן, בול־בול־בול גלייך אין מויל אריין, כאפ אין איילעניש עטוואס פארבייסן. געזעגן מיך מיט דעם פלעשל, נאך אמאל בול־בול־בול און לאז מיך גיין זייער געשווינד.

ב.

איך בין ווידער אין וואלד, ווידער לעבן טאל און באלד טאקע בין איך שוין אין דעם טאל. נאר לאמיך נישט זאגן קיין ליגן, איך בין דארט נישט אליין, אויפן הארצן איז מיר אויך נישט אזוי שלעכט ווי פריער. איך גיי אין צווייען, שמועס מיר מכוח מיין איצטיקן עסק און גאנץ נישקשהדיק, גאר נישט אומעטיק! — הפנים, בשעת נעמענדיק זיך אין איילעניש צום פלעשל נאך אזוי פיל פיין און יסורים, האב איך איבערגעכאפט די מאס. אן איבעריקן זופ געטאן אויפן

ניכטערן מאָגן און געגעסן האָב איך כמעט גאָרנישט. ס׳איז מיר אין האַלדז נישט געקראָכן, מיך געוואָרגן מיט דעם ביסן. דער דאַזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בייגעשטאַנען אין די נויטן ווי אַ טאַטע. ער האָט מיר אונטערגעגעבן מוט און מיך שטאַרק באַרעדעוודיק גע־מאַכט אויף מיין שפּאַציר, נישט היינט געדאַכט. אַזוי איז שוין דער שטייגער מיינער תמיד, פון אַן איבעריקן לעק משקה, פּורים אָדער שמחת־תורה אַמאָל, שיט זיך פון מיר רייד ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק. איך רעד צו דער וואַנט און שמייכל מיר דערביי זייער זיס. עס ווערט דעמאָלט פון מיר, דוכט זיך, גאָר צוויי מענדעלעך. איינער קריכט קיין יעהופּעץ, דער אַנדערער קיין בוביבעריק, די בשותפות־דיקע פּיס ווערן משוגע, נישט צו וויסן וועמען צו פאָלגן. איינער פרעגט, דער אַנדערער ענטפערט.

— גוטן אָוונט! — באַגרים איך מיך אַליין מיט אַ פאַרבייג, — וואוהין גייט עס מען ביינאַכט דאָ? — עט . . . טפשים, פערדישע קעפּ! — ענטפערט צוריק אַ מענדעלע מיט אַ גוט, זיס שמייכעלע, — זיי ווערן פאַרפאַלן, זיך פאַרגלוסט זיי. אַ געלעכטער, כ׳לעבן! — אַ גרוב, ר׳ מענדעלע, היט אייך די ביינער, — יאָ, ווי איך בין אַ ייד, אַ גרוב! איך געפאַלן בין שוין אפילו דאָס צוואַנציקסטע, דוכט זיך, מאָל. — שטייט־זשע, זייט מוחל, אויף! נישט קיין דרך־ארץ עפּעס זיך צעלייגן אַזוי. — אַ שיינעם דאַנק, ר׳ קרוב. איך מיט דער בייטש טאָפּ ווייטער שוין . . . אַ געלעכטער, כ׳לעבן, ביימלעך גייען! געזונטערהייט! . . . קומט אין אַ קאַמפּאַניע. פּע, דראַפּעט נישט! . . אַי, ווייטער אַ דראַפּ! פּע, פּע, אויגן אַרויסגענומען שיר מיר, טפו! — שפּייט, ר׳ מענדעלע, אויף זיי, זיי באַלד פּטור ווערט מען, אויף אַ סטעזשקעלע אַרוים דאָ גייט, זייט מוחל, אויפן פרייען פעלד. — גוט, בין שוין דאָ! איי, אַ לבנה, אַ שיינע אַדעסער לבנה! אַ נאָז מיט אויגן! . . . שאַ, מקדש זיין די לבנה! שלום עליכם! — עליכם שלום! — שלום עליכם? — עליכם שלום! אַזוי ווי איך אַקעגן דיר שפּרינג און אָנרירן דיך נישט קען איך . . . שפּרינגט־זשע פעטער! — האָץ, האָץ, האָץ! אַזוי מיך אָנרירן זאָלן מיינע שונאים נישט . . . וואָס זיי צו אונדז האָבן וואָס? — צעכליפּעט איך מיך פּלוצים — וואָס איך שולדיק, אַז איך לעב איך און וויל עסן איך? אַ לייב, מעשטיינס־געזאָגט, אַ שפּענדל! שטענדיק קרענק! וויטיקן . . . אויך גע־האָט אַ מאַמע, מיך געגלעט, געקושט האָט זי . . . ווי מיר, איך בין אַ יתום, אַ יתום! — צעוויין איך מיך נאָך שטאַרקער. — שאַ, שאַ! — ענטפער איך זיך צוריק מיט אַ טרייסט — וואָס קען מען טאָן? ווי שעמט זיך עס נישט אַן אַלטער ייד מיט אַ באָרד, אַ באַווייבטער,

מיט קינדער, צו וויינען אין דרויסן פאַר דער לבנה! שאַ, נישט קיין דרך־ארץ, כ'לעבן! שאַ, דער רוח וועט אייך נישט נעמען, נישקשה, היט זיך בעסער, אַט איז אַ פּלויט.

ווי לאַנג איך האָב זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט ווייס איך ניט, און מיט וועלכע נסים איך בין צוריקגעקומען צו די ביידלעך — פאַר־שטיי איך נאָך עד היום נישט.

ווען איך בין צוריק געקומען איז שוין געווען גרויסער טאָג.

איך קום מיר צום אָרט פון די ביידלעך. פריער באַטראַכט איך גוט מיין ביידל אין איטלעכעם ווינקעלע. ברוך השם, אַלצדינג דאָ אין גאַנצן, איך לאָז מיך גיין דערנאָך צו אַלטערס ביידל. דוכט זיך, אויך נישט גערירט, עס שטייט אויף זיין אָרט. נאָר קוים נעם איך מיך צום לייוונט, מיט וועלכן דאָס ביידל איז איבערגעדעקט, און טו אַ טאַפּ, בין איך פאַרצאַפּלט געוואָרן, עס רירט זיך עפּעס אונטער אים . . . איך שפּרינג אָפּ שטאַרק דערשראָקן אויף צען איילן אין דער זייט. דער לייוונט הייבט זיך דערוויי̆ל אויף און איך דערזע פאַר מיינע אויגן זיצנדיק אויפן וואָגן מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ — אַלטער יקנה"ז! . . .

# וואָס מיט אַלטערן איז געשען

## א.

וואָס מיט אַלטערן איז פֿירגעגאַנגען, וואו ער איז אַהינגעקומען, פֿון וואַנען ער האָט פּלוצים זיך גענומען און פֿאַרוואָס דער קאָפּ איז אים פֿאַרבונדן — דאָס אַלץ דערקלערט אונדז באַלד אַלטער מיט זיין כשר מויל אַליין, אַזוי:

— מילא, גיי איך מיר נאָך די פֿערדלעך. בקיצור, נישטאָ קיין פֿערדלעך! נישמער, טראַכט איר מיר, גאָרנישט. הפּנים, זיי זענען פֿאַרגאַנגען ווייטלעך. גראָז אין וואַלד איז זייער גוטע, שאָטן אויך דאָ. פֿאַרוואָס נישט? אַ מענטש, להבדיל, זוכט אויך, וואו גוט איז. מילא, גיי איך מיר ווייטער, ווייטער, פֿאַרשטייט איר מיך, מען הערט נישט, מען זעט נישט. וואָס טוט מען דאָ? ס׳איז דאָך עפּעס שלעכט! דערוויַיל ווערט שפּעטלעך, ס׳איז שוין טונקל, עפּעס גאָר נישט קיין גוטער עסק! . . .

דאַכט זיך מיר אַ שאָרך, איך לאָז זיך אַהין, דריי מיך, זוך און ווייטער גאָרנישט. עס פֿאַרדריסט מיך שוין, פֿאַרשטייט איר מיך, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג? בקיצור, ווידער אַ שאָרך און עפּעס ווי טריט. — אָט האָסטו זיי, די שיינע לייט! אַ קרענק זיי אין דיביינער! שילט איך שטאַרק אויפֿגעבראַכט און דערשלאָג מיך אַהין, ערגעץ אין אַ העק, צווישן געדיכטע צווייגן. אַהאַ, ס׳איז דאָ, דערטאַפּט! . . . וואָס? צו אַלדע שוואַרצע יאָר, עפּעס אַ רויטע קו, אַ קו, וואָס ווי געוויינטלעך, זיך פֿון דער טשערעדע אָפּגעריסן און פֿאַרגאַנגען אין וואַלד. אַצינד וואָס? איך ווייס גאָר נישט, וואו איך בין. נישמער, שטיין איז קיין תכלית נישט, מילא, גיי איך מיר אין צרות, און פֿאַר־גיי מיר צו אַ פֿייערל, וואָס האַלט ביים אויסגיין. האַלאַוועשקעס רייכערן זיך, ס׳איז נאָך דאָ אין זיי אַ פֿונק. דאָס גראָז אַרום און אַרום איז איינגעטרעטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פֿון אייער, פֿון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויך צעריסענע שמאַטעס און שמאַטקעלעך. דאָ איז, הפּנים, געווען אַ היפּשע קאָמ־פּאַניע און ווי עס זעט אויס, אַ כאָפּטע ציגיינער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער עסק!

## ב.

פלוצים דוכט זיך פון גאַנץ ווייט עפּעס אַ קול. אפשר רופט עס דאָרט ר׳ מענדעלע, גייט מיר איבער אַ געדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קול, דאָ הערט עס אויף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן און וואָס נעענטער, ווערט עס אַלץ שרעקלעכער, ווי איינער שרייט געוואַלד! . . . עפּעס גאָר אַ שרעק, כ׳לעבן! נישמער גאָרנישט. איך טו מיר מיינס און גיי. עס העלפט נישט, נאָר קוק מיך גוט אַרום און היט די ביינער. בקיצור, אַקעגן מיר וואַקסט אויס פון דער וויטנס עפּעס אַ קרעטשמעלע, אַ חורבהלע אויף הינערשע פיסלעך. עפּעס איז מיר עס נישט געפעלן. איך באַהאַלט מיך אַביסל אין דער זייט צווישן צווייגן. גראַד טאַפּ איך דאָרט אָן עפּעס אַ דרענגל. נעם עס אין דער האַנט, פאַרשטייט איר מיך, זיץ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זיין. עס קומט מיר אין קאָפּ אַריין שרעקלעכע זאַכן, מעשׂות מיט גזלנים און גלופּסקער גנבים.

פלוצים, וויטער אַ געשריי, ווי פון איינעם, וואָס איז אין אַ גרויסער סכּנה, און דוכט זיך דאָס ביטערע געשריי איז פון חורבהלע. עס כאַפּט מיך אָן ביים האַרצן. עס טראָגט מיך אונטער פונעם אָרט און איידער מיך צו באַטראַכטן שטיי איך שוין לעבן קרעטשמעלע, אַליין נישט רעכט צו געדענקען, ווי אַזוי איך בין אַהין געקומען. עפּעס געפּיקט האָט מיר אַלץ אין קאָפּ: אָן אייגענער, אָן אייגענער! אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, אפשר איז גאָר ר׳ מענדעלע אין אַ סכּנה. איך ווייס דען הפּנים, וואו איך בין? ס׳איז טאַקע אַ מורא, נישמער גאָרנישט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך מיר דערגיין וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס. עפּעס בין איך דאָך אַ שטיקל עקשן אויך. בקיצור, איך גיי מיר פּאַמעלעך צו און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך אַ פאַרדעמפּט קול. איך קום צו לעבן אַ צעשאָטענעם טויער, קוים וואָס ער האַלט זיך פאַר אַלטקייט. גיי אַריין אינעווייניק אין אַ גרוים הויז. גיי אויף די שפּיץ פינגער, זוך, נישטער אין דער פינצטער. שאַ, שטיל. איך נעם אַרוים פון דער קעשענע אַ פּעקעלע מיט עטלעכע שוועבע־לעך, רייב, רייב מיט אַ ציטערדיקער האַנט, אומזיסט, עס וויל נישט ברענען. דאָס לעצטע צינדט זיך לסוף אָן און באַלד טאַקע לאָזט זיך הערן אַ געשריי גאָר אין איין אָטעם, ערגעץ פון דער ווייט דאָרט. דאָס שוועבעלע פאַרלעשט זיך, איך טאַפּ אין דער פינצטער, קריך ערגעץ אַריין און שלאָג מיך אויף עמעצן אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאַפּויער. פרעגט מיך בחרם, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין.

בקיצור, ביי דער שיין פון דער אויפגייענדיקער לבנה, דורך אַ

מיך נישט רירן. די טריט אָבער ווערן באַלד שטילער, איך באַרואיק מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָף, די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך מיר און ס'איז מיר עפּעס גוט, אַזוי גוט . . . עפּעס הערט זיך אַ שטיל אומעטיק ניגונדל, דוכט זיך אַ באַקאַנטס. דאָס ניגונדל צעגייט זיך אין אַלע גלידער, רייסט אויס אַ שטיק האַרץ, עס גלוסט זיך וויינען און דערביי פילט זיך טאַקע, ווי עס קומט צו אַ שטיק געזונט. עפּעס נאָר ווי פאַר דער חופה, עס ווײנט זיך חתן־כלה און עס לאַכט זיך, ביידע זאַכן אין איינעם, ווי אַ זון מיט אַ רעגן צו גלייכער צייט. — פּלוצים פיל איך, עפּעס טוט מיך אַ נעם ביי די האָר און עס טוט אַ געשריי.

איך כאַפּ מיך געשווינד אויף, צעגעם פאַר מיר די גרויסע בלעטער פונעם גראָז און דערזע אַ טעפּל מיט שטאַרק רויטע פּילניצעס, וואַל־גערנדיק זיך נישט ווייט פון מיר אויף דער ערד. ווייטער אַביסל רוקט זיך עמעצער, ווי אַ נקבה, זיצנדיק אויפן גראָז און קוקט זיך אַרום אין איין שרעק. מיר איז באַלד איינגעפאַלן, וואָס דאָס באַטייט. יענע האָט דאָ, הפנים, געקליבן פּיליניצעס, פאַרטיפט אינעם זוכן און אונ־טערזינגענדיק עפּעס אַ לידעלע, האָט זי פּלוצים אָנגעטאַפּט מיין קאָפּ און זיך שטאַרק איבערגעשראָקן. איך שטיי געשווינד אויף, נעם דאָס טעפּל און גיי איר עס אָפּטראָגן, מאַכנדיק פונדערווייטנס: ניש־קשה! גאַנץ פריינטלעך. נאָר קוים קום איך צו נאָענט, פאַלט מיר פון די הענט דאָס טעפּל אַרויס. איך טו אַ געשריי, בלייב פאַרמישט — און באַלד שטייען מיר ביידע, שטייף האַלטנדיק זיך ביי די הענט, איך און מיין האַרבאַטע . . .

דאָס איז נעבעך געווען טאַקע וואַכנדיק, נישט קיין חלום. איך האָב געקוקט און געזען גאַנץ קלאָר, פאַר מיר שטייען געזונטע ביי־מער, אויבן אויף די צווייגן שפּרינגען פייגעלעך, סווישטשען, זינגען און פרייען זיך מיט אונדז אין איינעם. ביידע זיינען מיר איבערגליק־לעך, פרייען זיך און לאַכן מיט טרערן. ביידע וואונדערן זיך, פרעגן איינער דעם אַנדערן פון וואַנען ער האָט פּלוצים זיך אַהער גענומען און ביידע רעדן, דערציילן, וואָס מיט איטלעכן האָט פאַסירט.

זי דערציילט די גרויסע צרות, וואָס זי נעבעך איז אויסגעשטאַנען זינט די כאַליאַסטרע האָט מיך פאַראַיאָרן אין שטעטל דאָרט אַוועק־געוואָרפן. דאָס איז געווען דעם ממזרס אַרבעט. אים האָט זיך נישט געגלוסט, מיין ווייב זאָל נעמען גט, בכדי זי זאָל נישט באַלד צושטיין צו אים מיט געוואַלד, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן. אים האָט נאָר געטויגט אַ בלינדע, אָבער נישט קיין בלינדע ווייב. מאַכן מיט איר חן און געלט — דאָס זאָל ע ר און זיין זאָל זי זיך געזונטערהייט

יענעמס. דערביי האָט ער געהאַט נאָך אַ מיין, מיר צו פּאַרוויסטן מיינע יאָרן, איך זאָל נישט זיין פריי אויפגעבונדן. אים איז אויך שטאַרק נישט געפעלן מיין פריינטשאַפט מיט דער האַרבאַטער, דאָס האָט אים שרעקלעך געשטאָכן און ער האָט פון זיין זייט געטאָן מיטל, די פריינטשאַפט זאָל נישט גיין ווייטער . . .אבי ער איז מיינע פּטור געוואָרן, האָט ער מיין ווייב ביסלעכווייז אין די לאַפּעס אריינגענומען און איר דערנאָך געוויזן, ווער עלטער איז, וויסנדיק זייער גוט, אַז פון זיינע הענט איז איר שוין אוממעגלעך זיך אַרויסצודרייען. ווארום וואָס קען אַ בלינדע איינע אַליין טאָן? שפּעטער האָט זי אים זיך שטאַרק צוגעגעסן. ער האָט זי איבערגעגעבן דעם אַלטיטשקן, צו גיין מיט איר אין די הייזער און מאַכן די קאָמעדיע ווי אַמאָל מיט מיר. דער ממזר האָט איר פאַרצאַפּט דאָס בלוט, זי געהרגעט, גע־שלאָגן און דער אַלטיטשקער האָט באַזונדער מיט איר געלערנט בלק. זי איז אין אַ קורצער צייט געעלטערט געוואָרן, פינצטער ווי די ערד.
— דאָס גאַנצע יאָר האָט די כאַליאַסטרע זיך אַרומגעשלעפּט, אין פיל שטעט אויסגעוועזן. און היינט פאַרטאָג זיך געשטעלט אויסרוען דאָ אין וואַלד. איר האָט זיך פאַרגלוסט גיין קלייבן פּילניצעס און האָט פּלוצים — אַזוי לאָזט זי אויס מיט אַ שמייכעלע — אַנגעטאַפּט אַ גוטע פּ י ל נ י צ ע , מיך אַליין . . .

איך פון מיין זייט דערצייל איר אַלצדינג, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט און ווי איך בין אויך היינט אין דער פרי געקומען אַהער, גייענדיק אויפן וועג קיין גלופּסק. ביי אונדז איז געבליבן פון היינט אָן זיך מער נישט צו שיידן, איינוועגדן אַלע מיטלען, מיין ווייב זאָל נעמען גט. אויב חליה נישט, וועלן מיר ביידע פון דער כאַליאַסטרע אַנטרונען ווערן, און וואַרטן, וואָס גאָט וועט געבן. און ווי מיר זיצן זיך דאָ אַזוי, שטאַרק הנאה האָבנדיק איינער פונעם אַנדערן, הערט זיך אין וואַלד אַ קול: אַ־הו!

— דאָס איז אַ קול פון אונדזערע לייט — זאָגט מיין האַרבאַטע — דאָס זוכט מען מיך.

### ג.

און שפּעטער אַ ווײַלע קומט צו אַ פּאַרשוין, וועלכן איך האָב באַלד דערקענט. דער פּאַרשוין האָט מיך עפּעס קרום אַנגעקוקט און געשמייכלט פאַר זיך מיט אַ געשפּעט. מיר מאַכן נישט לאַנג שהיות און לאָזן זיך גיין. דער פּאַרשוין לויפט פריער, איילט זיך הפּנים אָנ־צוזאָגן די גוטע בשורה, און מיר איילן זיך נישט, גייען פּאַמעלעך. הינטער אַ קרעטשמעלע, אַ חורבה, אויף אַ היפּשע שטרעקע ווייטלעך

אין דעם וואלד זע איך שטייען באַקאַנטעביידלעך. ווייטער אביסל אויף אַ פרייען פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט ביימער, ברענט אַ פייערל. די שיינע כאַליאַסטרע אַרום און ס'איז פריילעך. דעם ערשטן „שלום־עליכם" שטעקט מיר אָפּ דער ממזר מיט ברייטקייט, הויך אויף אַ קול: אַ, אַ. אַ גאַסט, כ'לעבן! וואָס מאַכט אַ ייד? איך האָב טאַקע נאָך אייך שוין געבענקט, ר' פישל! — באַלד דערויף לאָזן זיך הערן קולות: קומט מקבל פּנים זיין דעם „נ ג י ד"! און פון אַלע זייטן שיטן זיך מיר משונה־ווילדע, משוגענע „שלום־עליכמס" מיט קניפּ און קלעפּ הינטן אַרום, אַזוי אַז דאָס היטל איז מיר פונעם קאָפּ אַראָפּגעפאַלן.

און ווי איך דריי מיך דאָ, זוך דאָס היטל, צודעקנדיק דערווייל דעם קאָפּ מיטן עק פּאָלע פון דער קאַפּאָטע, און כאַפּ קלעפּ גאָר אַ שרעק, פליט צו מיין ווייב מיט אַ פרייד אין איין קול: וואו איז ער, מיינער? וואו, וואו? פישקע? . . . איר פרייד האָט מיך ערגער געשטאָכן ווי פון די פיינע לייט די קניפּ. צום גט טויג מיר כלל נישט אַזאַ פרייד, טראַכט איך מיר. האָב מיך בעסער פיינט, ווי דער גאַנצער עולם דאָ. זי אָבער הענגט זיך אויף מיר: פישקע, מיין פישקע! מיר איז שטאַרק נישט גוט געוואָרן אָנקוקנדיק זי, אַ בלינדע; אַ דאַרע, אַ שלאַפּע, אַלטע יידענע! וואו איז איר געזונט, אירע פּעטע באַקן און איר פּיסק? איך האָב מיר באַדאַרפט אָנטאָן אַ כוח אַ פרעג צו געבן זי, פון יוצא וועגן: וואָס מאַכסטו, בתיה?

— דו ביסט טאַקע גערעכט געווען, פישקע, זאָגנדיק אַמאָל: „אין גלופּסק האָבן מיר ביידע, ברוך השם, אַ שיינעם נאָמען געהאַט, איט־לעכער האָט מיך געקענט און אויף מיר כבוד געלייגט", — מאַכט מיין ווייב הויך אויפן קול, אַלע זאָלן הערן, אָננעמענדיק דערביי אַ שטאָלצע מינע, ווי אַן אָפּגעקומענער נגיד, וואָס דערציילט פון זיין גרויסקייט אין די פריערדיקע יאָרן, — גענוג זיין נע־ונד. אַהיים, צוריק אַהיים פיר מיך, פישקע, צוריק אין א ו נ ד ז ע ר שטאָט, צו אונדזערע הייזער, אונדזערע באַלעבאַטים!

ס'איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן פון אירע רייד. אַזעל־כעס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן צו הערן פון איר און איך האָב מיך שטאַרק פאַרקרימט. דער ממזר האָט זיך אויך מיאוס פאַר־קרימט, טראַכטנדיק זיכער, אַז איך וויל דערטאָפּן די סחורה און ביי אים צונעמען די פרנסה. עס האָט אין אים געברענט די רציחה, די אויגן זענען אים פאַרלאָפן מיט בלוט, אָנקוקנדיק מיך בייז. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, געוואָרטשעט און איז אַוועק־געגאַנגען שטאַרק אין כעס.

מיין ווייב האַלט מיך פעסט מיט די הענט, גאָר איין גוף, איין

נשמה, רעדט און רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, זי קלאָגט זיך אויף איר פינצטער מזל, דערציילט איר שווער ביטער געמיט, ווי אַזוי זי איז עס אַביסל אָפּגעקומען און ווינטשט נישט אַנדערש, איך זאָל זי פון דאַנען אַוועקפירן, לעבן מיט איר אין איינעם, ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. איך ענטפער איר איין וואָרט אויפן צענטן, עפּעס אָן לשון, און זוך ווי פון אירע הענט זיך אויסצודרייען. אַז איר האָט זיך שוין אויסגעלאָזט רייד און מיר זענען שוין גענוג אויף איין אָרט זיך אָנגעזעסן, איז מיר לסוף געראָטן פון איר זיך אויסצורייסן, אַביסל פריי צו אָטעמען.

איך האָב באַלד אויסגעזוכט מיין האָרבאַטע און מיט איר שטילערהייט אַוועק אַביסל אין דער זייט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אַז ס'איז שטאַרק נישט פריילעך. פון גטן זיך מיט מיינער איז גאָרנישט צו דענקען, זי וועט פאַרוואַרפן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אפילו הערן. ווידער־זשע דאָ צו בלייבן ביי דער גוטער כנופיא איז אַוודאי נישט גוט. דאָס הייסט, פשוט זיך פאַרקויפן דעם רוח, אויף דאָס ניי ווערן אַ בער און טאַנצן אויף די לאַפּעס. וואָס־זשע טוט מען? אַ היפשע צייט זענען מיר אַזוי געזעסן און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: נישטאָ קיין ברירה, מען באַדאַרף מאַכן פליטה. און אַזוי ווי די כאַליאַסטרע האָט בדעה דאָ צו נעכטיקן, איז פאַר אונדז קיין בעסערע צייט און קיין בעסער אָרט נישט געווען ווי אָפּצוטאָן עס טאַקע די הייַנטיקע נאַכט, דאָ אין דעם וואַלד. ווי מיר זיצן און באַטראַכטן גוט דעם פּלאַן, ווייזט זיך פון דער ווייטנס דער ממזר מיט עפּעס אַ פּאָר פערד.

— לאָמיר נישט וואַרטן — זאָגט מיין האָרבאַטע — ביז ער וועט צוקומען נעענטער, — עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זען זיצנדיק אין איינעם. בעסער לאָמיר באַצייטנס זיך צעגיין.

זי גייט אַוועק אין איין זייט און איך אין דער אַנדערער.

דער ממזר איז עפּעס ווי שטאַרק באַשעפטיקט געווען, זיך אַלץ געסודעט מיט דעם אַלטיטשקן, וואָס איז געווען זיין גאַנצער אַדיוטאַנט. איך האָב אויסגעמיטן מיט דעם ממזר זיך נאָענט נישט צו באַגעגענען און מיך געהאַלטן אַלץ באַזונדער. בשעת חברה האָט געאַרבעט, געשטיפּט, פאַרטראָגן געווען מיט זיך, איז צו מיר צוגעגאַנגען מיין האָרבאַטע, מיר איינגערוימט אין אויער, אַז איידער די זון וועט זיך זעצן, וויל דער ממזר זיך רירן מיט דער כאַליאַסטרע אין וועג אַריין. די פּאָר פערד, וועלכע ער האָט געבראַכט צו פירן, זענען געגנבעטע און ער איילט זיך הפנים דעריבער אַוועק פון דאַנען. פון אונדזער פריערדיקן גאַנצן פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. איך

בין געבליבן שטיין אַפּהענטיק, נישט צו וויסן וואָס מען טוט. עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים הארצן פאַר גרויס פאַרדרוס, אַזוי אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט און איך האָב מיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מיין האַרבאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס רחמנות, די אויגן האָבן איר געברענט ווי פייער, דאָס פּנים האָט איר געפלאַמט, און נאָכדעם, אַז זי האָט אַ ווײלע געטראַכט, זאָגט זי צו מיר מיט אַ ציטערדיק קול:

— פּישקע! זאָלסט שפּעטער אַביסל זיך געפינען אין דעם חורבהלע, דאָרט אויפן בוידעם, דו פאַרשטייסט?...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — רוף איך מיר אָן לעבעדיק, אונטערשפּרינגענדיק פאַר פרייד, — און דו וועסט דערנאָך אַהין אונ־טערקומען?

— יאָ, שאַ! — מאַכט זי און טוט מיטן קאָפּ אַ שאָקל אויף יאָ — שטיל. דו הערסט?

## ד.

מיט מיין ווייב האָב איך נישט געהאַלטן אַזוי פאַר נייטיק זיך צו געזעגענען. הגם ס'איז אויף איר געוועזן אַ רחמנות, נאָר ווער איז שולדיק? זי האָט געגעבן דעם ערשטן רים און דער רים צווישן אונדז איז געוואָרן אַלץ גרעסער, גרעסער. פאַרפאַלן, וואָס האָב איך גע־קענט טאָן? אַז, גאָר אַחוץ אַלע אַנדערע זאַכן, איז מיר אוממעגלעך געוועזן מיט איר אויף ווייטער זיך צו פאַרבינדן, אוממעגלעך מיט איר זיך צונויפצוגיין ווי דער הימל מיט דער ערד. איך האָב, פאַר־שטייט זיך, פאַרגעסן דעם „זייַ־געזונט” און שטילערהייט זיך געלאָזט גיין צו דעם חורבהלע.

מיט וואָס פאַר אַ האַרץ איך בין אין דעם חורבהלע אַריינגעגאַנ־גען, איז גרינג צו פאַרשטיין. נאָך אַזוי פיל פּיין און געבראָטענע לייד האָט גאָט געוואָלט צונויפפירן מיך מיט דער האַרבאַטער אין איין וויסט קרעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באַדאַרפט אויסגעשפּילט ווערן אונדזער ביידנס גורל און פון אַצינד אָן אָנהייבן צו פירן אַ נײַ לעבן. אַרויפקריכן אויפן בוידעם איז מיר אָנגעקומען זייער גרינג. ווייל דאָס שטיבל איז געוועזן נידעריק, מיט דער הינטערשטער וואַנט, וואָס אין הויז אַריין, אָנגעבויגן כמעט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז געוועזן ערטערווייז געלעכערט מיט גרויסע שפּאַלטן, אַזוי אַז מען האָט געקענט פונעם בוידעם אַריינקוקן אינעווייניק אין דעם שטיבל אַריין. איך זיץ מיר אין אַ ווינקעלע און וואַרט. עס טיאַכקעט מיר דאָס

האַרץ, קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. איטלעכע מינוט ציט זיך מיר ווי אַ יאָר. איך האָרך מיך צו צו אַ מינדסטן שאָרך. אַ מינדסטע באַווע־גונג פון אַ שטרויעלע ערגעץ, דוכט זיך מיר טריט, זי גייט . . . אַ מינדסטע בלאָזעלע פון אַ ווינטעלע, דוכט זיך מיר מיין נאָמען, זי רופט . . . פּלוצים קומט מיר צו די אויערן פונעם שטיבל אונטן עפּעס אַ קול. דער געדאַנק, אַז דאָס איז זי, אָט איז זי, באַלד־באַלד ווערן מיר אויפגעלייזט — האָט מיך צעקאָכט, געוואָרפן אין היץ און קעלט. איך וויל מיך אָנרופן, פאַרכאַפּט מיר אָבער דער אָטעם, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אין דער דאַזיקער הייסער רגע הער איך טאַקע גאַנץ שאַרף מיין נאָמען און די אויגן מיינע דערזען דורך אַ שפּאַלט — ווערמען? אוי, דעם ממזר מיט דעם אַלטיטשקן! . . . זיי שמועסן צווישן זיך אַזוי:

— דו נעם אויף דיר דיין שטיקל סחורה — זאָגט דער ממזר — גיב אַכטונג, די בלינדע מכשפה זאָל זיך נישט אויסגליטשן. פאַר־שטייסט?

— נישקשה! — ענטפערט דער אַלטיטשקער — מיינס האָב איך שוין געטאָן, איך האָב נאָר מורא, זי זאָל נישט פּגרן. זי ליגט אַצינד ווי אַ טויטע און קען זיך נישט רירן, אַזוי האָב איך איר געבראָכן די ביינער.

— און דעם הינקעדיקן — פּירט אויס דער ממזר — נעם איך אויף מיר. אָנקוקן קען איך נישט זיין פּרצוף־פּנים, אַזוי פיינט האָב איך אים. איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכענען. נישקשה איך האָב נאָך מיט אים אַלטע חשבונות.

ס'איז מיר אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך, הערנדיק אַזעלכע שרעק־לעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס — מאַכט דער אַלטיטשקער — זענען דיינע געלקחנטע סוסים יידישע. דאַרע, דערשלאָגענע, קאַלטענעוואַטע, מיט אויסגעקרומטע רוקנס, מיט דינע העלדזלעך, פיינע בריות.

— אָפּפאַלן זאָל דיר דער צונג! — זידלט זיך דער ממזר — ניי בעסער, זוך, שמעק, כלב איינער, דאָ אין הויז אויפן בוידעם, טאָמער וועסטו דערטאַפּן עפּעס אַלטע באַלעגאַלישע זאַכענישן, וואָס קענען אונדז טויגן. פאַרט איז דאָך עס אַמאָל געווען אַן איינפאָר־הויז, משטיינס געזאָגט.

עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן, מיר איז נישט גוט צום שטאַרבן. איין פוס ציטערט מיר שטאַרק און טוט, נישט ווילנדיק, אַ זעץ אין דער סטעליע. די פּאָר שיינע לייט פאַררייסן די אויגן אַרויף, שטייענדיק אַ ווײַלע פאַרגאַפט. דערנאָך לאָזן אַרוים ביידע אין איין קול:

— עפּעס שיט זיך פון דער סטעליע! מען באַדאַרף טאָן דאָרט אַ קוק.

עס פאַרדרייט מיר זיך אין קאָפּ. עס קלינגט מיר אין די אויערן, שווינדלט אין די אויגן און איך שוועב עפּעס אין דער לופטן...

יאָ טאַקע אין דער לופטן. אַ פּאָר אייזערנע הענט טוען מיך אַ כאַפּ און שליידערן מיך פונעם בוידעם אַראָפּ אויף דער ערד. איך דערהער, ווי מען מאַכט מיר אַ ברייטן „ברוך הבא" מיט דעם גאַנצן טיטול: „סקאַצל קומט, ר' פישל!" און דערזע באַלד פאַר מיר דעם ממזר מיט אַ פּנים, אַ שרעק אָנצוקוקן, עפּעס גאָר אַ פּנים ווי ביי אַ קאַץ, בשעת זי קלייבט זיך צו דערשטיקן דאָס געכאַפּטע מייזל. דעם אַלטיטשקן האָב איך שוין נישט געזען. ער איז הפּנים אַוועק, איבערלאָזנדיק מיך אויג אויף אויג מיט דעם ממזר.

— אַנו, נפשל — מאַכט דער ממזר — זאָג ווידוי!... דאָס וואָס איך האָב באַדאַרפט טאָן דיר אַמאָל, דאָרט אין קעלער, וועל איך עס דיר טאָן אַצינד. פּייוווישקע פאַרגעסט נישט, נישקשה.

איך פאַל אים צו די פיס. וויין, בעט מיך ביי אים, ווי ביי אַ גזלן, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפט נישט. ער נעמט אַרויס אַ מעסער, האַלט עס מיר אַקעגן די אויגן, מיט גרויס הנאה צוקוקנדיק, ווי איך צאַפּל, פלאַטער. איך פּרואוו מיך איינשמועסן אים מיט דעם גן־עדן, זאָג אים צו עולם־הבא, אַ גאַנצע וועלט, שענק אים מיין חלק עולם־הבא אויך, אַלצדינג וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשירעט אויס די אויגן און שווייגט. איך הייב אָנעט צו שרעקן אים מיט דעם גיהנום, מיט גאָטס משפּט, דער אייבערשטער וועט אים שטראָפן, זיך נוקם זיין פאַר אומשולדיק בלוט. ער פאַרבייסט די ליפּן, טוט אַ הייב אין דער הויך דאָס מעסער — און אין דער שרעקלעכער רגע, וואָס אָט־אָט ליגט מיר דער חלף אויף דעם האַלדז, טוט עס אים פּלוצים עפּעס אַ כאַפּ פון הינטן, גאָרנישט מיט קיין מענטשלעך געשריי: „ניין, ניין, וועסט עס נישט טאָן!" — ער ווערט שטאַרק פאַרמישט און קוקט זיך אין שרעקעניש אַרום.

דאָס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן דאָס האָרבאַטע מיידל!

— חצופה, אַרויס! — דערלאַנגט דער ממזר אַ געשריי באַלד ווי ער איז צו זיך געקומען — אַרויס, חצופה! וואָרום...

— ניין, ניין, פון דאַנען גיי איך נישט אַרויס! דערהרגעט זאָל איך דאָ ווערן אין איינעם מיט אים! — שרייט באַהאַרצט די האָרבאַטע און פאַלט דעם ממזר אויפן האַלדז, וויינט מיט ביטערע טרערן, גלעט אים און חלשט פאַר אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן. דער ממזר טוט זי פון זיך אַ וואָרף ווי אַ באַל, שילט, פלוכט אויף וואָס די וועלט שטייט.

און אַז די רציחה איז אים אַביסל אָפּגעגאַנגען, ווענדט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך אַליין האָב דאָ דיך נישט „געבעל־דברט". נאָר אויב דיר האָט געשפּילט דאָס טרפהנע מזל דיינס, איך זאָל דיך, פאַרשטונקן נפשל, נישט צעקוועטשן ווי אַ לויז, דאַרף אין גאַנצן טרוקן אַרויס פון מיינע הענט וועסטו נישט.

ער נעמט אַ שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט, שטעלט זיך בינדן מיר הענט און פיס, מאַכנדיק דערביי:

— ליג־זשע דאָ שטיל, הונט איינער, קיין פאַרע זאָל מען פון דיר נישט הערן! ליג ביז דו וועסט פּגרן. נאָר געדענק־זשע, טאָמער טרעפט זיך דיר אַ נס, און גייסט פון דאַנען אַ לעבעדיקער אַרויס, זאָלסטו זיך היטן, מיר פאַר די אויגן זיך נישט צו ווייזן, וואָרום באַלד הרגע איך דיך און מאַך כיק . . .

אָפּגעטאָן מיר מיין רעכט, נעמט ער זיך צו דער האַרבאַטער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אויף מיר און זיך געריסן ביי די האָר.

ער טוט זי אַ כאַפּ אין די הענט און אומקערנדיק זיך צו מיר טוט ער אַ זאָג: — שאַ, הונט, געדענק מיינע ווערטער! — ווערט ער מיט איר געשווינד אַנטרונען.

ה.

אין גיהנום קען מען אַזוי פיל יסורים נישט ליידן, וויפל איך האָב איבערגעליטן. איך בין געווען נישט אין גיהנום, נאָר דער גיהנום איז אין מיר. עס האָט אין מיר געקאָכט, געברענט אַ העליש פייער. די האָר זענען מיר געשטאַנען קאַפּויער. עפּעס האָב איך געפילט, זיי שטעכן מיך ווי שפּילקעס און דאָ טאָר מען נאָך נישט הויך וויינען, נישט טאָן קיין פּיפּס.

שפּעטער אַביסל האָבן מיר אין די אויערן זיך פאַרטראָגן קולות: אַ סקריפּ פון רעדער, אַ ליאַרעם, אַ געשריי פון מענטשן, דאָס באַ־טייט, חברה האָט זיך גערירט. די כאַליאַסטרע האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין און מיט דעם פּעקל לייט — מיין האַרץ, מיין גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האַרבאַטע נעבעך . . .

אַ היפּשע לאַנגע צייט בין איך געלעגן ווי אַ שטומע שאָף. גע־בונדן אויף אַלע פיר, מיט אויגן געשוואָלן פון הייסע טרערן. די שטריק האָבן מיר זיך איינגעשניטן אין לייב אַריין און ביי אַ מינדעסט רירעלע מיך געשניטן ווי אַ מעסער. עס האָט מיך דערצו נאָך געברענט אַ טרונק, אָט, האָב איך געמיינט, עקט מיר זיך דאָס לעבן. פאַר גרויס

וויטיק האָב איך דערנאָך אָנגעהויבן שרייען, טאָמער וועט עמעצער דערהערן. די כאָליאַסטרע האָט, נאָך מיין רעכענונג, שוין געמוזט איינפאַרן גאַנץ וויט. איך שריי, אָבער אומזיסט, שריי צו דער וואַנט. עס טריקנט מיר אין האַלדז, עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן. דאָס שרייען קומט מיר שוין אָן שווער, איך מוז אין צווישן אָפּרוען, די לאַנגע מינע ווערט וואָס ווייטער ערגער. נישטאָ שוין קיין כוח צו שרייען. די נשמה הענגט מיר אויפן שפּיץ נאָז, מען באַדאַרף שטאַרבן, יונגערהייט פון דער וועלט גיין. איך טו מיר אָן אַ כוח, נעם זיך צונויף מיט אַלע מיינע קרעפטן און טראַכט, לאָמיך כאָטש טאָן דאָס לעצטע געשריי — לאָז הילכן די תקיעה גדולה פון מיין אומגליקלעך לעבן . . .

נאָר גאָט אָבער האָט אייך, ר' אַלטער, געבראַכט! איר זייט מיר בייגעשטאַנען אין דער נויט און מיך דערהאַלטן ביים לעבן.

## „גוואַלט, ר' אַלטער, ראַטעוועט זי"

אַז פישקע האָט געענדיקט זיך אומעטיקע מעשה, איז צוגעפאַלן די נאַכט און אונדזערע פערדלעך האָבן זיך פאַרשלעפּט צום גרינעם באַרג, וואָס פאַר גלופּסק.

איך נעם מיך טרייסטן פישקען, שטאַרקן אים מיט גוטע רייד, מאַכנדיק זיך דערביי קלאָמפּערשט פריילעך, און לאָז אויס מיינע טרייסט־ווערטער מיט אַ לידל:

„אבינו מלך —
דאָס האַרץ איז מיר פריילעך,
פריילעך וועלן מיר זיין,
טרינקען וועלן מיר וויין,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן —
און אונדזער ליבן גאָט
קיין מאָל ניט פאַרגעסן".

זאָרג נישט, פישקע! אונדזער ליבן גאָט באַדאַרף מען קיין מאָל נישט פאַרגעסן. ער קען העלפן.

— איך פרעג אייך נישט מער, ר' מענדעלע! — מאַכט פישקע מיט אַ ביטער געמיט — צו וואָס האָט עס גאָט באַדאַרפט מיך מיט איר ווידער צונויפפירן, בכדי באַלד טאַקע אונדז צעשיידן? עס זאָל אונדז פלוצים אַ שיין טאָן דאָס מזל, בכדי באַלד טאַקע זאָל אונדז נאָך ערגער פינצטער ווערן אין די אויגן? . . . ס'איז עפּעס גאָר ווי

אַ צו לְהכעיס! און געוואַלט, רבונו של עולם, אַקעגן וועמען, אַקעגן צוויי אומגליקלעכע, ביטערע קאַליקעס, וואָס איידער אַזאַ וויסט לעבן אין יסורים, אין ווייטיק, וואָלט פאַר זיי פיל גלייכער געוועזן גאָרנישט געבוירן צו ווערן! . . . .

איך מאַך אַ פּרוּם פּנימל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ זאָג איך: טע־טע־טיי! וואָס האָט אַזוי פיל געהייסן: מען טאָר נישט רעדן אַזוינס! . . . אָפּזאָגנדיק דעם מוסר, פון יוצא וועגן, עפן איך באַלד אַ מויל און רעד ווערטער פשוט ווי אַ מענטש, אַזוי:

— זאָג נאָר, פישקע, ווי דאָס מיידל הייסט? ביז אַהער האָסטו זי אַלץ גערופן די האַרבאַטע, מיין האַרבאַטע, אַצינד וויל איך וויסן ווי זי הייסט.

— אַקעגן וואָס, ר' מענדעלע? — רופט זיך אָן פישקע, אָנקוקנדיק מיך פאַרוואונדערט — אַקעגן וואָס, איך בעט אייך, ווילט איר עס אַזוי וויסן? צו וואָס אומזיסט אויסגעבן אַ מיידלס נאָמען?

— פאַרשטייסטו, נאַרעלע — ענטפער איך — דאָס קען אַמאָל צו־נוץ קומען. אויף מיינע נסיעות קען זיך מאַכן, איך זאָל עפּעס אָנ־שמעקן, אויספאָרשן. לאָמיך וויסן איר נאָמען. נישקשה! זייער מעג־לעך, דו פאַרשטייסט? אַז דיין שאַדן זאָל זיך נאָך אָפּזוכן. איך זאָל זיין דער שליח.

— ביילע הייסט זי — זאָגט פישקע מיט אַ דערשטיקט קול — זי הייסט ביילע!

פלוצים הערט זיך עפּעס אַ שטאַרקער קרעכץ מיט אַ קלאַפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. איך קוק מיך דערשראָקן אום און דערזע: מיין אַלטער ליגט אויסגעצויגן אויפן וואָגן, זיפצט און איז בלייך ווי די וואַנט.

— וואָס איז אייך, ר' אַלטער? — טו איך אים אַ פרעג — איר ווילט אפשר נעמען אַביסל בראָנפן! — אייך איז נישט גוט?

— בע! . . . — ענטפערט אַלטער, שטאַרקט זיך און זעצט זיך ווידער אויף.

— זאָג מיר, פישקע! — הייב איך ווידער אָן, נאָכדעם אַז איך האָב מיך באַרואיקט וועגן אַלטערן — ווייסטו נישט, ווי די מאַמע אירע האָט געהייסן און פון וואַנען זי איז?

— יאָ, ענטפערט פישקע — מיין האַרבאַטע האָט מיר דער־ציילט, אַז איר מאַמע פלעגט מען רופן ע ל ק ע. זי געדענקט, ווי דורכן שלאָף, אַז די מאַמע האָט זיך געגעט מיט איר מאַן אין ט ו־נ ע י אַ ד ע ו ו ק ע. זי פלעגט עס זייער אָפט דערמאָנען און אויס־לאָזן איר שווער, ביטער האַרץ צו איר וויסט טעכטערל, נעבעך.

— מיט איר מאַן אין טונעיאַדעווקע! — מאַך איך פאַרוואונ־

דערט — ווער זאָל דאָס דאָרט זיין איר מאַן, דער רשע־מרושע מיט אַ שטיינערן האַרץ, וואָס האָט דערוויטערט זיין קינד, זי געמאַכט אַזוי אומגליקלעך? האַ, טאַמער ווייסט איר, ר׳ אַלטער, ווי אַזוי זאָל ער דאָרט ביי אייך אין שטעטל הייסן?

אַלטער איז געזעסן ווי אַ טויטער, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן. געקוקט עפּעס משונה ווילד מיט אַן אָפן מויל, אַזוי אַז ס׳איז מיר אַנטפאַלן דאָס געזונט.

— ער האָט געהייסן . . . — רייבט פּישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאָנען דעם נאָמען — ער האָט, דוכט זיך, געהייסן . . . וואָרט אַביסל.

— אַלטער הייסט ער! . . . טוט אַלטער אַ געשריי און פאַלט אַנידער אויפן וואָגן.

— יאָ, טאַקע אַזוי, אַזוי! — זאָגט פּישקע קוקנדיק אויף אַל־טערן, נישט אָנהייבנדיק צו פאַרשטיין, וואָס זיין געשריי באַטייט — דוכט זיך, נאָך עפּעס אַ צונעמעניש, יקנה״ז. די מאַמע פלעגט ביים טעכטערל שטיקער פלייש אויסרייסן, רופן זי דערביי יקנה״זיכע, יקנה״זם טעכטערל.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאַנצע מעשה באַטייט און בין געבליבן עפּעס ווי מען גיסט איינעם אָפּ מיט אַן אָקרעפּ.

אַלטער כליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאַק אין האַרצן, מאַכנדיק דערביי:

— חטאתי! איך האָב איר פאַרוויסט דאָס לעבן. זי נעבעך איז טאַקע גערעכט:

„דער טאַטע האָט זי געקוילעט . . . ״

— אַ שטראָף פון גאָט איז דערפאַר פון אַ צייט אויף מיר אָנ־געשיקט געוואָרן. וואוהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלים־שלימזל . . .

איך הייב אָן פאַר רחמנות צו טרייסטן מיין אַלטערן, רעד אים אוים דאָס האַרץ און פאַרגלעט אַביסל זיינע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, פלייש און בלוט.

פּישקען זעט די גאַנצע זאַך אויס עפּעס משונה. ער זיצט פאַר־וואונדערט מיט אַ פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אויף אַלטערן, אויף מיר און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

דערווייל ווערט שטאָק־נאַכט. די שטערן פינקלען, ווינקען צו אונדז פון הימל מיט זייערע שיינענדיקע ליכטיקע פנימלעך, גלייך ווי זיי מישן זיך אַריין אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן. און ביים עק הימל הייבט אָן, ווי פון דער ערד, אַרויסצוגיין אַ גרויסע

לבנה, רויט ווי פייער. דוכט זיך, זי קוקט גלייך נאָר אויף אונדז. אַלע דאָרט אויבן קוקן, דוכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מעשׂה וועט זיך אויסלאָזן . . . מיין אַלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט אויף זיינע אויגן צום הימל און רעדט מיט האַרץ :

— איך שווער ביי דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז איך וועל נישט קומען אַהיים צו ווייב און קינדער, נישט חתונה מאַכן מיין טאָכטער ביז איך זוך נישט אויף מיין פאַרוואָגלט קינד ! הימל און ערד זענען עדות ! איך פאַר טאַקע באַלד און ווייַ, ווייַ דאָרט ד ע ם , וואָס וועט מיך זיך אָקעגן שטעלן . . .

פישקע פאַלט אַרויף אַלטערן אויפן האַרצן, האַלדזט אים אַ היפּשע ווײַלע אַן ווערטער, און איז שטאַרק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אויף אַ וויינענדיק קול מיט אַ געבעט :

— געוואַלט, ר׳ אַלטער, ראַטעוועט, ראַטעוועט זי ! . . .

מיין אַלטער שפּרינגט געשווינד אַראָפּ אויף דער ערד, קריכט אַרויף צו זיך אויפן וואָגן, און געזעגענענדיק זיך מיט אונדז פון דער ווייטנס, דרייט ער אוים דעם דישל, טוט אַ שמיץ די שקאַפּע און פאָרט זיין וועג. איך מיט פישקען קוקן מיר אים אַ היפּשע צייט פון הינטן נאָך, נישט צו רעדן קיין וואָרט. דערנאָך גיב איך אַ בליק צום הימל, ווי לבנה און שטערן גייען זיך זייער גאַנג, גאָר נישט דאָס פּנים, וואָס פריער, שטאַרק הויך, האָפערדיק, ווייט, ווייט פון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק, נישט פריילעך אויפן האַרצן . . .

איך טו אַ שמיץ מיין אַלדער ער זאָל מוחל זיין זיך שלעפּן אַביסל גיכער. און שפּעטלעך ביינאַכט פאָרט מייןביידל איבער די גרייבערדיקע גאַסן פון גלופּסק, מיט אַ קלאַפּעריי, אַ געשריי, אָנזאָגנדיק דעם עולם : הנה, זייט וויסן, נאָך צוויי פרישע יידן זענען אָנגעקומען קיין גלופּסק ! . . .

---

# פאַרטייטשונגען פון שווערע ווערטער, אידיאָמען, פראַזעס און ווערטלעך

זייטל 7

אונטערוועגס — אויפן וועג

שבעה עשר בתמוז (שיווא אָסער בעטאמעז) — דער זיבעצנטער טאָג אין חודש תמוז [אַ פאַסט־טאָג. דעם טאָג (אין יאָר 586 פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג) האָט נבוכדנצר פאַרנומען ירושלים]

ביידל (דימינוטיוו פון בויד) — covered wagon

בריות (בעריעס) — קלוגע פּיאיקע מענטשן

טאַלאַבענדעט — טרייסלט זיך, שאָקלט זיך

חפצים (כאַפייצים) — זאַכן

זיך אָנטאָן אַ כוח — זיך אָננעמען מיט כוח, זיך אָנשטרענגען

קאַלוזשע — בלאָטע — swamp

שטיין אין געהאַקטע וואונדן — זיין אויף גרויסע צרות

קייכן — שטאַרק־הוסטן — to hoop, to gasp

בטל אוים אַלע חלומות — אויסלאָזן אַלע צרות צו יענעמס קאָפּ

דיבאָם — אויף די הינטערשטע פּיס

הענדום־פּענדום — זייער שנעל, מיט אימפּעט — helter-skelter

זייטל 8

האָבן דעם זיבעטן חן (כיין) — זיין זייער שיין, זייער חנעוודיק (דאָ: איראָניש)

אָנגעדרודלט — אָנגעברוגזט, בייזלעך

יאַדערדיק — דאָ: פול, געפּאַקט, פעטלעך

עס לאָזט אומעטום — דאָס אייז צעגייט

הגם (האַגאַם) — כאָטש — although

בטבע (בעטעווע) — פון דער נאַטור

זייטל 9

פלוכטן — שילטן — to curse

רצועות (רעצועס) — די תפילין האָבן לאַנגע פּאַסיקעס, וואָס מען וויקלט אַרום קאָפּ און אַרום דער האַנט

אַוועקגעבאַברעט — אַוועקגעפּאַרקעט זיך — fumbled

גלחים (גאַלאָכים) — פּריסטער

געשפּעט — חוזק — ridicule

זייטל 10

ראַגאָזשעס — שטיקער זאַק־סחורה — sacking, burlap-mats

איז זיך מטריח (מאַטריעך) — באַמיט זיך, שטרענגט זיך אָן — makes an effort

סמאַליעט — ברענט

היידאַ — געגאַנגען! געפאָרן!

קאָלטענעוואַטע — מיט קאָלטונעס, שמוציקע פאַרפּלאָנטערטע האָר

גריווע — mane

מעלה־גרהן (מאַלעגיירעז) — קייען און איבערקייען — chew the cud

קאָפּיטעס — hoofs

סאָראָקע — אַ שוואַרצער פויגל מיט אַ ווייס בייכל — magpie

זייטל 11

קאָמאַרן — mosquitoes

איינרוימען — to whisper

שמוצערן, זומען, זוזשען — די קלאַנגען וואָס די אינזעקטן לאָזן אַרויס

צעבראָסטעטע העמד — אָפן, נישט פאַרקנעפּלט העמד

פּיטערן — פּאַשען — to graze

געמויזעכץ — זומפּ — swamp

אָנגעסטן האָבן אים באַשלאָגן — ער האָט זיך באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס פון שרעק אָדער פון ווייטיק

זייטל 12

זיין אין דער קלעם — זיין אויף צרות, אין אַן אומגליק

זיין אין די יאָרן — ניט אַזוי יונג, שוין אַלט

למאי — פאַרוואָס
נעמט ניט פאַר אומגוט — אַנט־שולדיקט

זייטל 13

עקרה (אַקאָרע) — אַ פרוי וואָס קאָן ניט האָבן קיין קינדער
שטיין שמאָל — האַלטן שלעכט, זיין אויף צרות — to be in straits
ביישטיין אין דער נויט — אַרויס־העלפן אין אַ צרה
דולן אַ קאָפּ — דרייען אַ קאָפּ, האַקן אַ טשייניק
ענין (איניען) — זאַך, טעמע
באַנג טאָן — regret
שאלות (שיילעס) — פראַגעס
באַנעמונג — אויפפירונג
עד היום (אַדאַיעם) — ביז היינטיקן טאָג, ביז איצט
ליגן אין טעם — געדענקען דעם טעם

זייטל 14

יפה־פיה (יעפייפיע) — אַ שיינע פרוי — a beauty (איראָניש)

זייטל 15

פאַרוואָרלאָזטע — פאַרלאָזטע
נפשות (נעפאשעס) — באַשעפענישן
פלאַטשיק — פלאַך — flat
שטשיפּילאווע — lisping
בהלה (בעהאָלע) — צעטומלעניש
קהל (קאָהאָל) — די שטאָט־פירער
צער בעלי־חיים (צאַר באַלע כאַים) — אַ רחמנות אויף לעבעדיקע באַ־שעפענישן

זייטל 16

פאַרשמאָלצעוועט — פאַרפעטסט, שמוציק — greasy
ארבע־כנפות (אַרבע קאַנפעס) — אַ טלית קטן
צווייער, דרייער — 2־קאָפּיקעס, 3־קאָפּיקעס
אָנקוועלן — האָבן פאַרגעניגן
שוטה (שויטע) — נאַר
פּאַרען — to steam
תענוג (טײנעג) — הנאה, פאַרגעניגן
אָנשמעקן — דאָ: אויסגעפינען
פאַרגענומען — דאָ: undertook
באַציִיטנס — פרי, אין צייט
זיין אין דעם ברויט — טאָן די אַרבעט, האָבן די פּרנסה
מרחץ (מערכעץ) — באָד

זייטל 17

אָנגעלייגט — welcome
אָנגעמאַרדעוועט — זיך אָנגעאַר־בעט, זיך אָנגעהאָרעוועט
זיך אויפהאַלטן — וואוינען
פאַרקנסן — טאָן אַ שידוך, צונויפּ־פאָרן
באַלעבאַטיש — דאָ: לײַטיש — decently
באַדערפעניש — דאָס וואָס מען דאַרף, דאָס נויטיקע — needs

זייטל 18

עופות (אויפעס) — מערצאָל פון עוף (אָף) — fowl
תכשיט (טאַכשיט) — פיינער בחור, לייטישער מענטש (איראָניש)
איז אויסגעקאָכט מיט — איז זייער נאָענט מיט
פאַרשוואַרצן דאָס פּנים — פאַר־שאַפן חרפּות, פאַרשעמען
כאָטש האַק אים און בראָק אים — כאָטש מען צווינגט אים מיט אַלע מיטלען אין דער וועלט; אפילו מען זאָל אים צעהאַקן אויף שטיקלעך
רוף מיך קנאַקניסל — טו מיר עפעס (איראָניש)
מאַכן לאַנגע שהיות (שיעס) — מאַכן לאַנגע צערעמאָניעס, לאַנגע צוגרייטונגען, פטרן צייט
אויף וואָס די וועלט שטייט — אָן אַ שיר, אָן אַ סוף

זייטל 19

אויסצוזעצן חסרונות (כעסרוינעס) — קריטיקירן, פאַרוואַרפן
זיווגים (זיוואוגים) — פאַרלעך, שידוכים
וואָס נישט געשטויגן — דאָ: וואָס טויגן נישט, וואָס פּאַסן זיך נישט
שוויצן ווי אַ ביבער — שוויצן זייער

שטאַרק

אַרומגאַרטלען זיך — זיך אַרומנע־
מען מיט אַ גאַרטל

זייטל 21

בלייבן חלשות (כאַלאַשעס) — חלשן
(כאַלעשן) — to faint

זיך מאַכן הארץ — זיך אָננעמען
מיט מוט, זיך מאַכן קוראַזש

שליאַך — וועג

שושקען זיך — סודען (סוידען) זיך

הינטערוויילעכץ — פון הינטן

עס גרימט זיי — עס טוט זיי עפּעס
ווי

זייטל 22

הפקר (העפקער) — אַן אַ באַלעבאָס,
אַן אַ היטער

זכר (זייכער) — סימן, איבערבליי־
בעניש

מרה־שחורה (מאַרע שכוירע) —
טרויער, מעלאַנכאָליע

אויסלייטערן זיך — ווערן ליכטי־
קער

אָפּגעבריט — scalded

וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען
— וואו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן
(ווערטערלעך: וואו זיינע ביינער
ליגן ערגעץ)

זיך געמיט — זיך איינגעשטעלט פאַר
אים — דאָ: brought it about

אָפּהענטיק — מוטלאָז, רעזיגנירט

עסק (אייסעק) — געשעפט

הפנים (האַפּאָנים) — ווייזט אויס

איבערכאַפּן די מאָס — איבער־
טרייבן, טאָן צופיל — go too far

זייטל 23

באַרעדעוודיק — איינער וואָס רעדט
אַ סך — talkative

משקה (מאַשקע) — בראַנפן, שאַר־
פער געטראַנק

נישט קיין דרך־ארץ (דערעכערעץ)
— דאָ: עס פּאַסט ניט.

סטעזשקע — path

מקדש זיין די לבנה (מעקאַדעש),
מ׳זאָגט אויך מחדש (מעכאַדעש)
— זאָגן אַ געבעט צו דער נייער
לבנה, אָנהייב חודש

זייטל 25

להבדיל (לעהאַודיל) — „אָפּצוטיילן
איינס פון אַנדערן״ [געוויינלעך:
ווען מען דערמאָנט צוזאַמען „הע־
כערע״ און „נידעריקערע״ מענטשן
און חיות א.אַז.וו.] — to make
a distinction

אויפגעבראַכט — בייז, אין כעס

טשערעדע — סטאַדע — herd

העק — אַ פאַרוואָרפן, ווייט אָרט

קיין תכלית (טאַכלעס) ניט — דאָ:
קיין זין נישט, קיין ציל נישט —
no purpose in it

האַלאַוועשקעס — ambers

כאַפּטע — באַנדע — gang

זייטל 26

איך טו מיר מיינס — איך טו מיין
אַרבעט, איך טו דאָס וואָס איך האָב
אָנגעהויבן

חורבהלע (כורוועלע) — אַ רואינע

דרענגל — שטעקן

סכנה (סאַקאָנע) — געפאַר

אַ קשיא אויף אַ מעשה — ווער
קאָן וויסן?

מיין טויט זאָל דאָ זיין — אפילו
איך זאָל דאָ שטאַרבן

האָרכן — הערן

פאַרדעמפּט — muffled

נישטערן — זוכן

פּרעגט מיך בחרם (בעכיירעם) —
אויסדרוק ווערט גענוצט ווען מען
קאָן נישט ענטפערן אויף אַ
פראַגע. עס מיינט: „איך הייב ניט
אָן צו וויסן״

זייטל 27

פאַרשימלט — פול מיט שימל —
moldy

זשיפּעט — אָטעמט קוים, לעבט קוים

איך בין פאַרביי — עס האַלט שלעכט
מיט מיר, איך גיי אויס, איך שטאַרב

פּענטען — בינדן

שלעפּערס — בעטלערס, שנאָרערס,
לומפּן — tramps

דערגיין דעם וועג — אויסגעפינען
דעם וועג

רוצח (רויצייעך) — מערדער
ליגן שטיינער אויפן הארצן —
אנטמוטיקן — discourage
זיך לאזן שפייען אין דער קאשע
— לאזן טרעטן אויף זיך
נעמען די פים אויף די פלייצעם
— זיך לאזן לויפן

זייטל 28

ארויסנעמען זיך די אויגן — זייער שטארק זוכן
מיינער אריין אהין — איך בין אהין אריין
כארכלעריי — gasping
פגרן (פייגערן) — שטארבן (געזאגט אן דרך־ארץ, ווי וועגן א חיה)
פיסקאטשעם — מענטשן וואס רעדן א סך און גראב (פיסק — מויל) — foul-mouthed

זייטל 29

סוסים — פערד
אנשטעל — פאזע — pretense

זייטל 30

בייל — bump, bruise
בענטשן גומל (גוימל) — דאנקען גאט ווען מ׳ווערט געראטעוועט פון א געפאר
בעלן (באלן) — איינער וואס וויל עפעס
מען זאל דערמאנען משיחן — אן אויסדרוק גענוצט ווען עפעס וועגן וואס מ׳האט גערעדט, גע־שעט פלוצים [עס דארף מיינען: ווען מיר וואלטן געוווען דערמאנען משיחן, וואלט ער אויך געקומען]

זייטל 31

מיתה משונה (מיסע משונע) — אן אומנאטירלעכער טויט
קלונגל — blade (פון א מעסער)
צוגעדעמפט — געקאכט מיט — potted
דארע קישקע — sausage

זייטל 32

לויבן אין טאג אריין — שטארק לויבן — praise to the sky
פועלן (פוילן) ביי אימיצן — אויס־פירן ביי אימיצן, ווירקן
פריקרע — ניט אנגענעם
אונטערגעבן חשק — דערמוטיקן
אפטאן אויף טערקיש — אפטאן אימיצן א שפיצל, דא: געמאכט אומגליקלעך

זייטל 33

דער שטייגער אירער — דער וועג אירער, ווי זי פלעגט טאן זאכן
רעשט — change
במזומנים (בימזומאנים) — cash
קוילעטש — חלה
איינשטיין — דא: זיך געפינען
גענייטער — מער דערפארן

זייטל 34

גיין אין גאלד — ווערן רייך, טאן גאלדענע געשעפטן
א טאג איז אן עבירה (אוויירע) — ס׳איז א זינד צו פארלירן אפילו איין טאג
מאכן א יצר הרע (יעיצער הארע) — ארויסרופן א חשק, א שטארקן פארלאנג
הקדש (העקדעש) — א מין קהליש גאסט־הויז פאר ארעמעלייט — poor house
פלעטן — raffles דא מיינט עס צעטעלעך, וואס דער שמש פלעגט געבן די ארעמעלייט. אויף יעדן צעטל איז געוווען דער נאמען פון א יידן, צו וועמען דער ארעמאן פלעגט גיין עסן
א פריץ — א „גרינער״, ניט דער־פארן — inexperienced
וואויל קענעוודיקע — א געלערנטע, א דערפארענע
פארשטאכענע אויגן — חוצפה, חוצפהדיק, אן בושה
זיך איינעסן אין די ביינער — זיך צוטשעפען צו אימיצן, נישט אפ־טרעטן, נישט אפלאזן

זייטל 35

משער זיין (מעשאער) — זיך פאר־שטעלן
ראקעם — crab, crawfish
שטעכווערטלעך — באליידיקונגען
צונעמעניש — nick name

אויפוואָרפן — פאַרוואָרפן — reproach

אויף צעפּיקעניש — אויף צולאָכעס

„הייטא“ — קום! לאָמיר גיין!

תרפ״ט אלפים (טאַרפּאַט אַלאָפים) — זעקס הונדערט און ניין און אַכציק טויזנט (געוויינלעך, איראָניש)

### זייטל 36

מגולגל געוואָרן — דאָ: פאַרוואָרפן געוואָרן

בונט — אויפשטאַנד — mutiny

דרייען שטריק — מאַכן שטריק

איינפיר — רעגולאַמען — a rule

סדום (סדאָם) — לויטן חומש: די שטאָט וואָס איז געווען אַזוי זינ־דיק, אַז גאָט האָט זי געמוזט פאַר־ניכטן. פונדאַנען: אַ סימבאָל פאַר אַ זינדיק אָרט. — Sodom

### זייטל 37

פּראַצע — שווערע אַרבעט

אָפּגעפּיינטע — איידעלע

פאַרנעם — חשוב, אָנגעזען — respected

איבערבייטן די יוצרות (יאָצרעס) זיך בייטן מיט די ראָלן — turn things about

פאַרגייט זיך — וויינט שטאַרק

בידנע — אָרעמע

### זייטל 38

פאַרגאַפט — פאַרוואונדערט

ווערן אַ שמעלקע — ווערן נאָענט, פריינטלעך מיט אימיצן (איראָניש)

לאָכן מיט ווערעם — לאַכן מיט אַ ווייטיק אין האַרצן

פלוידערזאַק — chatterbox

פּרצוף — פּנים (געוויינלעך: מיאוס פּנים)

### זייטל 39

נישט מיט אַלעמען — נישט אין גאַנצן געזונט

גוט אויג — געמיינט: אַ בייז אויג, אַ ניט פאַרגינעריש אויג [ד. ה. אימיצער האָט געקוקט אויף איר מיט נישט פאַרגינערישע אויגן און פון דעם איז זי קראַנק געוואָרן]

לאַ עליכמדיק (לוי אַלייכעמדיק) — ניט אין גאַנצן געזונט, ניט מיט אַלעמען [ווערטערלעך: ניט אויף אייך געזאָגט]

ס׳איז מיר אָפּגעגאַנגען — דאָ: ס׳האָט מיר געפעלט

טרייבן קאַטאָוועסלעך — מאַכן שפּאַס, דאָ: זיך געהנדלט צו איר שמאַרץ: ווייטיק

בלאָטער — אַ מכה — boil

באַצייטנס — אין צייט, פרי גענוג

רופאטע (רויפעטע) — פעלדשערקע — a quack doctor (female)

שטעלן באַנקעס — cupping

ס׳איז מיר געווען צו מוט — איך האָב זיך געפילט

### זייטל 40

אָנלייגן מיטן קאָפּ — ליידן צרות, אָוועקשטאַרבן

קייען די ערד — ליידן צרות, אויס־געריסן ווערן

זיך ערגערן — האָבן פאַרדראָס, האַרץ־ווייטיק

שטיין ווי אַ ליימענער גולם — שטיין ווי אַ נאַר, ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך

### זייטל 41

אָנטאָן יסורים — מאַטערן, פּייניקן

כאַליאַסטרע — באַנדע, כאַפּטע — gang

למזל (לעמאַזל) — מיט גליק

### זייטל 42

קעכלען — אונטערטראָגן גוטע גע־שמאַקע מאכלים

פון פייגל־מילך — פון בעסטן אין דער וועלט

כאַפּ דיך דער וואַטע־מאַכער — אַ מין מילדע האַלב גוטמוטיקע קללה. אַנשטאָט: כאַפּ דיך דער טיפול

כל־בוניק (קאָלבויניק) — אויסוואורף, שאַרלאַטאַן — scoundrel

האָבן די גאַל — דאָ: האָבן שטאַרקן פאַרדראָס

עיקר (איקער) — הויפּטזאַך

מיינער פּטור ווערן — פון מיר

פּטור ווערן

אַראָפּפאַלן ביי אימיצן — פאַרלירן

דאָס אָנזען ביי אימיצן — to lose face

פּנים ווי חוזק — זעט אויס ווי אַ נאַר

קיין תחית המתים זאָל ער ניט אויפשטיין — אַ שטאַרקע קללה [לויטן פאָלקס גלויבן וועלן אַלע טויטע אויפשטיין, ווען משיח וועט קומען]

גראָבן אויף עמיצן — וועלן עמיצן שלעכטס טאָן (ד. ה. גראָבן אַ גרוב . . .)

טאָן צום טויט — דערגיין די יאָרן, מוטשען

כּפּרה־הינדל (קאַפּאַרע) — scape goat

צעיאָכמערט — צעשריען, צעוויינט [איראָניש]

פלאַנכענען — וויינען [איראָניש]

לאָפּעטקעס — shoulder-bone

זייטל 43

שררה (סראָרע) — פּריץ — lord

אָפּטאָן אַ כּישוף (קישעף) — to put a spell over someone

דער רוח נאָך איר גענומען — זי שטאַרק ליב געהאַט

זיך אַ מעשה אָנטאָן — באַגיין זעלבסטמאָרד

אָפּנעמען דאָס לשון — ניט קענען רעדן, שטום ווערן

מיט אַ גרינג געמיט — מיט אַ לייכט האַרץ

זייטל 44

עס וואַרפן זיך איבער — עס קומען אַריין

לייגן כּבוד אויף עמיצן — רעספּעקטירן

נע־ונד (נאָווענאַד) — אָן אַ היים, פאַרוואָגלט

רכילות — בייזע פאַלשע רייד — gossip

מאַכן חן (כיין) — זיך חנדלען — to flirt

האָרבאַטע — מיט אַ האָרב — hump-backed

אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ — אויסצודערציילן די צרות

פאַראיבל — פאַרדראָס

זייטל 46

קלומעקל — אַ רענצל — satchel

בעבעכעס — שמאַטעס, אַלטע בעט־געוואַנט א. אַז. וו.

מעקלערין — אַגענטקע — broker

זייטל 47

אָפּשעפּן — אַראָפּנעמען (אַ פּלייסי־קייט) — to ladle off

דאָרן און קוואָרן — ווערן דאַר און אויסגעטריקנט פון הונגער — to become emaciated

אין צענטן — אין צען טיילן

פּיפּס — שאַרף, וואָרט

זיך שמעלצן אין אים — זיך גרויסן מיט אים — can not take the eyes off him

זייטל 48

איינגעגנורעט — איינגעהויקערט

קיין האָניק ניט געלעקט — גע־האַט אַ ביטער לעבן

אויסגעגעבן פאַר אַ מומע — גע־זאָגט אַז זי איז אַ מומע — claimed to be her aunt

זיך פאַרשלאָגן ווייט — פאַרגאַנ־גען, פאַרקראָכן ווייט

זייטל 49

טויט־שלעק — זייער שטאַרקע קלעפּ

געטשיפּעט — געביסן, געשטאָכן

עקט זיך — ענדיקט זיך

קעלניע — coach-box

פאַרליאַפּעט — פאַרליבט (איראָ־ניש)

זייטל 52

טאָן אין דער גאַל אַריין — דער־גיין די יאָרן, פּייניקן

ניחא (ניכע) — ליב

האָבן קאַלט און וואָרעם — האָבן גרויסע צרות

באַשיינפּערלעך — זייער קלאָר — obvious-ly

פּאַמויניצעם — עמערס וואו מען פלעגט אַריינגיסן דאָס שמוציקע

וואַסער אין הויז — slop-tub

זייטל 53

חיילות (כאַיאָלעס) — אַרמייען

פרייסן — cockroaches

שדים (שיידים) — טייוולען

מצאָציע — מציאה (מציע) (איראָ־
ניש) — bargain

גראַפינע — פרוי פון אַ גראַף —
countess

פאַרפּאַטשקעטע — שמוציקע

מינטערן — ראַטעווען אַ געחלשטן
— to revive

זייטל 54

מגולגל — פאַרוואַנדלט, דאָ: פאַר־
טראָגן אין . . . — transformed

טוט זיך וואויל — האָט הנאה פון
לעבן, לאָזט זיך וואוילגיין

זייטל 56

אורחים (אָרכים, מערצאָל פון אורח
— אוירעך) — געסט

זייטל 57

באַטריבט — אומעטיק

אויסשטיין פון אים — ליידן צרות
פון אים

צוזאָגן גאָלדענע בערג — צוזאָגן
אַלדאָס גוטס (געווינלעך: אין נע־
גאַטיוון זין, ד. ה. צוזאָגן און ניט
האַלטן וואָרט)

זייטל 58

טאָן צום טויט — פייניקן, דערגיין
די יאָרן

וויכן — אויסמיידן — to avoid

אויפגעריכט ווערן — געהאָלפן
ווערן

זייטל 59

פסק — אורטייל, אויך — שטראָף —
punishment, also — sentence

דול — צעמישט, משוגע

סקאָבעל — clasp

מחלל שבת זיין (מעכאַלעל שאַבעס)
— פאַרשוועכן דעם שבתדיקן טאָג
— to violate the Sabbath

זייער אָנגעלייגט — זייער אָנגענעם

געניק־נאַקן — קאַרק — nape

אויפגאָב — deposit

זייטל 60

פּעטשע אָדער פּעטשאַ — calves'
feet jelly

ווער אין גאָט גלויבט — דאָ מיינט
עס: יעדער איינער

זייטל 61

עגבער — borer, drill

זייטל 62

ס׳קאָצל קומט — אַ באַגריסונג:
שלום עליכם! ס׳פרייט מיך אייך
צו זען! א. אַ. וו. דאָ: איראָניש

חצופה (כצופע), הולטייקע — אויס־
געלאַסענע פרוי

מאַכן זיינע אָנשטעלן — זיינע
קונצן — tricks

אַנטרונען — פאַרשוואונדן

קלעם — צרה, שווערע לאַגע

זייטל 63

ביישטיין אין נויט — אַרויסהעלפן
אין אַ צרה

אָפּנעמען דאָס לשון — ניט קענען
רעדן, בלייבן שטום

אָנגעזאָלצן אויפן האַרצן — ביי־
טער אויפן האַרצן

גיין וואוהין די אויגן טראָגן — גיין
אָן ציל

נאַכטלעגער — אָן אָרט וואו איבער־
צונעכטיקן — night's lodging

זייטל 64

צאַפ — באַק — buck, he-goat

געראָטן — געלונגען

קלייזל — אַ שולעכל

ברירה — אויסוואַל — choice

זייטל 65

חברן (כאַווערן) זיך — זיין פריינט־
לעך מיט אימיצן

אָפּגעטאַקטע ליגן — גרויסע ליגנס
(ווערטערלעך: שיין ־ געמאַכטע,
פאַרענדיקטע ליגנס)

מיט אַ קאַלטער לעבער — גלייכ־
גילטיק — indifferently

נאָענטע שמעלקעס — זייער נאָענ־
טע פריינט [איראָניש]

אָנפייפן עמיצן — אים אָפּטאָן אויף
טערקיש, אָפּנאַרן

פּעקל — דאָ מיינט עס: חברה — bunch

רשע מרושע (ראַשע מרושע) — גרויסער רשע, זייער שלעכטער מענטש

זייטל 66

פניצל (פּעניצל) — פּנימל (איראָניש)

אַגלייגן מיטן קעפּעלע — אוועק־שטאַרבן

מאַכן די קאַפּיקע — פאַרדינען געלט (אין נעגאַטיוון זין)

הולטייעס — אויסוואורפן — scoundlels

אַריינגעגאַרט אין זאַק אַריין — באַשווינדלט, אָפּגענאַרט

אוים וועלט — אַ סוף, אַן עק צו דער וועלט! ערגערס קען ניט זיין!

זייטל 67

מענטשן, וואָס האָבן ניט גאָט אין האַרצן — שלעכטע, פאַרדאָרבע־נע, אוממאָראַלישע מענטשן

זיך אַנוואָרפן אויף עמיצן — זיך אַרויפצווינגען אויף עמיצן — force oneself upon someone

דאגת פרנסה (דייגאַס פּאַרנאָסע) — זאָרג וועגן פרנסה

דם־שונאים (דאַם סאָנים) — בלוטיקע שונאים

פאַרדאָרבן — שלעכט — corrupt

ווי גאָט איז דיר ליב — אום גאָטס נאָמען — for the sake of God

אַנשיקעניש — nuisance

אויף צעשפּרינגעניש — אויף צע־פּיקעניש, אויף צולאָכעס

זייטל 68

ווייזן ווער עלטער איז — ווייזן ווער ס'איז באַלעבאָס, ווער ס'האָט די דעה (דייע), דערגיין די יאָרן — show who is boss

תשובה (טשוואווע) — ענטפער

באַקום די נכפּה (ניכפּע) — אַ קללה: ווער קראַנק אויף עפּי־לעפּסיע — throw a fit

זייטל 69

נייטן — צווינגען

רויט אָדער טויט — טויט אָדער לעבן!

קייען די ערד — ליידן צרות, אויס־גריסן ווערן

אין טאַטנס טאַטנס... — אַ קללה, פאַרקירצט פון „אַ רוח אין טאַטנס טאַטנס טאַטן אַריין"

שטיין שמאָל, האַלטן שמאָל — זיין אין זייער אַ שווערער לאַגע

געהאַט איר ערלעך אויסקומעניש — געליטן צרות

שאַפן איבער איר — זיין באַלעבאָס איבער איר; זיך באַדינען מיט איר

איינגעמען מיט גוטע רייד — באַ־רואיקן, טרייסטן

אם ירצה השם (אים יירצע האַשעם, אויך: מערצעשעם, אויך: מער־טשעם) — מיט גאָטס ווילן [ווער־טערלעך: אויב גאָט וועט וועלן]

זייטל 70

מיני (מינע) — מינים, סאָרטן

דאַוועגען אַצינד די מתים — לויטן פאָלקס איבערגלויבן, פלעגן די מתים קומען דאַוועגען אין שול נאָך האַלבער נאַכט

קנעלן — לערנען. דאָ: איינטענהן

זיך מתחייב (מיסכאַיעוו) געוועזן — זיך פאַרפליכט — obligated one-self

זייטל 71

קווענקלען זיך — צווייפלען — to hesitate

זיך מישב (מעיאַשעוו) זיין — זיך באַטראַכטן, איבערלייגן די זאַך

דאָס מזל האָט מיר געשפּילט — ס'איז מיר גוט געגאַנגען

לאָמיר עסן לעקעך ביי אונדז — מיינט: ביי אונדז אויף דער חתונה

פאַרלעקט — שיכורלעך

מאַכן פליטה (פּלייטע) — אַנטלויפן

זייטל 72

זאָל ער אַזוי וויסן פון זיין לעבן צו זאָגן — מען דאַרף עס פאַר־שטיין אין פאַרקערטן זין: „פּונקט ווי איך וויס נישט — אַזוי זאָל ער נישט וויסן פון זיין לעבן"

זייטל 75

צעשפּילט די געבליטן — דאָ: גע־
ווארן אומרואיק, ניט געקאָנט איינ־
זיצן, דאָס האַרץ האָט געצוויגן

ווינקל — דאָ מיינט עס: געגנט

זייטל 76

זיך צעגיין אין אַלע גלידער —
פאַרשאַפן אַ סך פאַרגעניגן

פילניצע — אַ מין רויטע יאַגעדע —
a red berry

נקבה (נקייווע) — פרוי

צושטיין — דאָס מיינט עס: באַ־
שטיין — insist

זייטל 77

געטאָן מיטל — אנגענומען אַלע
מיטלען, געטאָן אַלץ אין דער וועלט

לאַפּעס — הענט

האָט זיך אים צוגעגעסן — אים
נמאס געוואָרן

לערנען בלק (באַלעק) — דערגיין די
יאָרן, אָנלערנען

זייטל 78

פון יוצא (יויצע) וועגן — גלאַט אַזוי
— for the sake of appearance

אָפּגעקומענער נגיד — אַ גביר וואָס
איז פאַראָרעמט געוואָרן

איין גוף, איין נשמה — זייער, זייער
נאָענט

זייטל 79

כנופיא (קנופיע) — חברה, כאַפּטע

רוח (רועך) — טייוול

האָט בדעה (בדייע) — האָט אין
זינען, טראַכט

זייטל 81

מינדסטע — קלענסטע

זיך אָפּרעכענען מיט אימיצן —
to settle accounts נעמען נקמה

אנטפאַלן דער מאַמעס מילך —
באַפאַלן אַ גרויסער פחד

געלקחנטע סוסים (געלאַקכנטע) —
געגנבעטע פערד

כלב (קעלעוו) — הונט

זייטל 82

זאָגן ווידוי (ווידע) — זאָגן די תפילה
פאַרן טויט, זיך געזעגענען מיטן
לעבן

עולם הבא (אוילעם האַבע) — דאָס
אייביקע לעבן אויף יענער וועלט

באַהאַרצט — מיט האַרץ, מיט אַ סך
געפילן

זייטל 83

נעבעל־דברט (געבאַלדאַוועדט). —
דאָ מיינט עס: אָוועקגעהרגעט

פּאַרע — steam דאָ: אָטעם

מאַכן כיק — דערהגענען (מיט אַ
מעסער)

מיין רעכט — דאָ: וואָס מיר קומט
— what is due to me

זייטל 84

די נשמה הענגט מיר אויפן שפּיץ
נאָז — אָט־אָט און איך שטאַרב —
[לויטן איבערגלויבן, גייט די
נשמה אַרויס פון קערפּער דורך
דער נאָז. דעריבער: די נשמה איז
שוין כמעט אין גאַנצן אַרויס, זי
האַלט זיך נאָך בלויז ביים שפּיץ פון
דער נאָז]

תקיעה גדולה (טקיע גדוילע) —
ביים שופר בלאָזן — די לעצטע
און גרעסטע תקיעה (דער בלאָז פון
שופר)

זייטל 85

נסיעות (נעסיעס) — רייזעס —
travels

שליח (שאַליעך) — messenger

אָקרעפּ — הייס וואַסער

זייטל 86

חטאתי (כאַטאָסי) — „איך האָב גע־
זינדיקט"

זייטל 87

וואוהין איך קער מיך און ווענד
מיך — וואוהין איך גיי, אין וועל־
כער זייט איך לאָז מיך גיין; צו
וואָס איך נעם זיך; וואָס איך פּרואוו
נאָר טאָן

עס גייט מיר שלים־מזל — עס גייט
מיר שלעכט, ניט־מזלדיק, עס גע־
לינגט מיר ניט

משונה (משונע) — מאָדנע, ווילד

שטאָק־נאַכט — פינצטערע נאַכט —
pitch dark

דער וואָס לעבט אייביק — גאָט

הנה (היניי) — זייט וויסן! מען לאָזט
איך וויסן!